כאַיִם קאַהאַן

# שפּראַכקענטעניש

ארבעט־בוך אפ שפּראַך פארן צווייטן קאָנצענטער

צווייטע אופלאגע

פאריכט און אויסגעבעסערט

I טייל

דערלאָזן פון וויסנשאפטלעך־מעטאָדאָלאָגישן
קאָמיטעט באם פאָלקאָמבילד פון וו.ס.ס.ר.
ווי א לערנבוך פארן צווייטן קאָנצענטער.

צענטראלער פעלקער־פארלאג פון פ.ס.ס.ר.
מאָסקווע — כארקאָוו — מינסק — 1931
ווײַסרוסישע אָפּטיילונג

# פאָרוואָרט.

דער סינקרעטישער לימעד „ייִדיש“ אינ ערשטנ קאָנצענטער פונ דער זיבניאָריקער שול, וואָס נעמט אינ זיכ אריַינ אי די עלעמענטנ פונ שפראכ, אי די עלעמענטנ פונ ליטעראטור, הויבט שוינ אָנ אינ די עלטערע קלאסנ פונ דער זיבניאָריקער שול פאקטיש צו דיפערענצירנ זיכ אינ צוויי לימודים—שפראכ אונ ליטעראטור, פונ וועלכע יעדערער האָט שוינ זיַינע ספעציפישע, פראקטישע אונ טעאָרעטישע אופגאבעס. קלאָר, אז אינ דעמדאָזיקנ „ייִדיש“ זיַינענ דאָ עלעמענטנ, וואָס בינדנ זיכ גוט אונ בעסער מיט ליטעראטור, צ. ב. סעמאנטיק, סטיליסטיק ביכלאל, ריטמיק א. אנד. יעדיעס פונ דער ליטעראטור־טעאָריע. דאָ זיַינענ זיי אנ אָרגאנישער טייל בא דעמ פולנ אנאליז פונ א ליטערארישנ ווערק. באזונדער אָבער גרופירנ זיכ די עלעמענטנ פונ „ייִדיש“ וואָס שטעלנ מיט זיכ פאָר דעמ לימעד שפראכ, צ. ב., אלגעמיינע יעדיעס פונ דער שפראכוויסנשאפט, די פאָנעטיק פונ דער שפראכ, די אינטאָנאציע, וואָרטבילדונג, גראמאטיק (פארנעמט דאָ דעמ צענטראלנ אָרט). די גרעסטע אכט דארפ דאָ געלייגט ווערנ אפ דער סטיליסטישער באדיַיטונג אונ אָנווענדונג פונ גראמאטישע פאָרמעס, דערהילפט אפ דער סינאָנימיק פונ די גראמאטישע פאָרמעס (איבערגעבנ איינעמ אונ דעמזעלבנ אינהאלט דורכ פארשיידענע גראמאטישע פאָרמעס, צ. ב. לענינס רעדע—די רעדע פונ לענינענ; ווענ איכ וואָלט געלערנט, וואָלט איכ געקענט—לערנ איכ, קענ איכ א. ד. ג.) אונ וואָס ס'איז נאָכ זייער וויכטיק פאר דער פראקטישער שולגראמאטיק—אָרטאָגראפיע אונ פונקטואציע.

דאָס, וואָס איז געזאָגט וועגנ דעמ אינהאלט פונ דעמ שפראכ־לימעד אינ צווייטנ קאָנצענטער, הויבנ מיר אָנ פארווירקלעכנ אינ דעמ קורס, וואָס מיר לייגנ פאָר אינ דעמ I טייל פונ דער „שפראכקענטעניש“.

אויפרעכענענדיק די באארבעטונג פונעמ מאטעריאל אפ דער אקטיווקיַיט פונ די שילער, פירנ מיר דורכ יעדער טעמע דורכ פאָלגנדיקע דריַי פונקטנ: 1) די באאָבאכטונג פונ דער שפראכלעכער דערשיַינונג דורכ אָנפירנדיקע פראגעס, וואָס דארפנ פירנ צומ 2) אויספיר, 3) אופגאבעס. די באארבעטונג פונ דעמ מאטעריאל אפ אזא אופנ גיט א מעגלעכקיַיט צו דורכארבעטנ איינציקע טעמעס אינגאנצנ לאבאָראטאָריש. מיר מיינענ אָבער ניט, אז אלע טעמעס מוזנ די שילער דורכארבעטנ לאבאָראטאָריש.

קיין בייז ניט, און אַמאָל איז דאָס נאָך עפּעס בעסער, אַז טאַקע דער לערער זאָל אָנפירן מיט דעם אַנאַליז. מע דאַרף אָבער אַלעמאָל שטרעבן, אַז דעם אויספיר זאָלן מאַכן די שילער (צי אינדיווידועל, צי קאָלעקטיוו), און אַלנפאַלס, זאָל זיך זיי כאָטש דאַכטן, אַז זיי אַליין האָבן געמאַכט דעם אויספיר, ד. ה. דער לערער דאַרף פירן צום אויספיר אַף אַזאַ אופן, אַז ער זאָל ניט אָפּשוואַכן די אַקטיווקייט פון די שילער דורך אונטערטראָגן זיי גראַמאַטישע דאָגמעס.

עס איז אויך ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן, טאָמער וועלן די שילער באַמערקן דעם אויספיר אַ פּאַרטיקן. עס איז געגוג איבערצײַגן די שילער, אַז זיי קענען אַליין מאַכן אויספירן ניט ערגער ווי אין ביכל, אַז באַ זיי זאָל זיך דער איניען פון אַנאַליז און אויספיר פאַרוואַנדלען אין אַ ספּאָרט־זאַך. ביכלאַל, רעקאָמענדירן מיר דעם לערער (אויב ער פירט אָן מיט דעם אַנאַליז), ער זאָל זען, אַז אין דער צײַט פון אַנאַליז זאָלן די שילער ניט האַלטן דעם בוך אין האַנט, און ערשט נאָכן אויספיר פאַרגלײַכן דעם אויספיר פון קלאַס מיטן אויספיר אין בוך.

די אויפגאַבעס קען מען טיילן אַף דרײַ הויפּט־טיפּן: 1) אויפגאַבעס צו באַשטעטיקן און פאַרפעסטיקן די אויספירן, 2) אויפגאַבעס צו מאַכן קליינע און גרינגע, אינגאַנצן זעלבשטענדיקע אַנאַליזן. די־דאָזיקע אויפגאַבעס דאַרפן העלפן צו אַנטוויקלען די באַאָבאַכטערישע און אַנאַליטישע פעיִקייטן פונעם שילער, 3) אויפגאַבע צו קאָנסטרויִרן אַפן סמאַך פון די אויספירן און פאַראַלגעמיינערונגען. די־דאָזיקע אויפגאַבעס דאַרפן ווײַזן דעם שילער ווען, ווו און ווי אַזוי איז מעגלעך אָנצווענדן פּראַקטיש די געגעבענע דערשײַנונג אַלס אַ סטיליסטישן מיטל.

דער בוך אָריענטירט זיך אַף אַזוינע קלאַסן, וואָס האָבן דורכגעמאַכט אַ נאָרמאַלע פּראָגראַם פון שפּראַך אויך אין ערשטן קאָנצענטער. נאָר אין דעם פאַל וועט דער בוך דערגרייכן זײַן ציל—פאַרבערייטערן און פאַרטיפערן די פריער־אָנגעזאַמלטע ידיִעס, אָנזאַמלען נײַע און ברענגען דאָס אַלץ אין אַ באַשטימטער סיסטעם.

די קאַמעס פון מאַטעריאַל אין בוך דאַרף ניט אָפּשרעקן דעם לערער. ערשטנס, דאַרף יעדער לערער אַרויסגיין פון די באַדינגונגען און מעגלעכקייטן פון זײַנע שילער און עס איז גאָרניט קיין מוז דורכצומאַכן אַלע אַרבעטן און אַלע אויפגאַבעס. ער האָט דאָ אַ מעגלעכקייט אויסצוקלײַבן. דערבײַ אָבער איז אונדזער אייצע, אַז די סטיליסטישע אַרבעטן און די קאָנסטרוקטיווע אויפגאַבעס זאָל ער סטאַרען זיך ניט דורכצולאָזן. צווייטנס, האַלטן מיר טאַקע, אַז אין דעם בוך איז דאָ מאַטעריאַל מער ווי פאַר אַ פינפטן קלאַס. און דאָס איז אויך די סיבע, וואָס מיר ווײַזן ניט אָן אַפן שאַרבלאַט געגוי דעם קלאַס. נאָר צוליב פאַרלאַג־סיבעס גייט אַרויס דער בוך אין צוויי טיילן. געפּלאַנירט איז געווען דער בוך אין איין באַנד, ווי אַ סיסטעמאַטישער קורס פאַרן צווייטן קאָנצענטער.

וואָס איז שײַעך צו דעפיניציעס—קומען אין בוך פּאַראַלעל די פאָרמעלע און סעמאַסיאָלאָגיש־לאָגישע דעפיניציעס. מיר שטייען אַפן שטאַנדפּונקט, אַז די צוויי־ערליי דעפיניציעס זײַנען ניט סויסער איינע די אַנדערע, נאָר, פאַרקערט, זיי דערגאַנצן איינע די אַנדערע.

מיר האָבנ דאָ ארײַנגעפירט אייניקע נײַע טערמינענ (אקצענטירנדיקע ווערטער, אינטאָנירנדיקע ווערטער א. אנד.), וועלכע דארפנ, לויט אונדזער מיינונג, פארנעמענ אנ אָרט אינ דער שפראכקענטעניש. מיר האָבנ אויכ געענדערט א גאנצע ריי טערמינענ: ניט „גלײַכארטיקע זאצגלידער“, נאָר פאראלעל־גלײַכארטיקע זאצגלידער“, ד. ז., ניט „פאראלעלע סובסטאנטיוונ“ (приложение), נאָר „פאראלעל־אידענטישע סובסטאנטיוונ“ א. אנד. לויט אונדזער מיינונג גיבנ די טערמינענ איבער בעסער דעמ מעהוס פונ די סינטאקסישע קאָנסטרוקציעס אונ זייער סעמאסיאָלאָגיש־לאָגישנ אינהאלט. ביכלאל, האלטנ מיר, אז מע דארפ ניט ציטערנ פאר א טערמינ אינ שול. אויב די טענדענצ צו באגיינ זיכ אָנ טערמינאָלאָגיע קענ זײַנ בארעכטיקט אינ ערשטנ קאָנצענטער, איז זי אינגאנצנ ניט בארעכטיקט אינ צווייטנ. מע דארפ סאָפקאָלסאָפ געדענקענ, אז טערמינאָלאָגיע שפילט אנ אָרגאניזירנדיקע ראָל אינ יעדער וויסנשאפט. אונ קיינ איינ לימעד אפילע אינ שול (אינ צווייטנ קאָנצענטער, פארשטייט זיכ) איז זיכ ניט באגאנגענ אונ באגייט זיכ ניט אָנ טערמינאָלאָגיע.

אינ אייניקע פאלנ איז אונדז אויכ אויסגעקומענ איבערצוטרעטנ די גרענעצנ פונ דער שול־גראמאטיק אונ געבנ נײַע טראקטירונגענ (זע באהערשונג פונ סובסטאנטיוונ איבער סובסטאנטיוונ, אדווערב א. אנ.) פונ אייניקע שפראכ־דערשײַנונגענ. אזא גוירל האָט מיסטאָמע אָבער אלעמאָל די שול־גראמאטיק פונ א שפראכ, וואָס איר וויסנשאפטלעכע גראמאטיק האלט זיכ ערשט אינ שאפנ.

אינ אייניקע פרטים גייט זיכ אונדזער בוכ פאנאנדער מיט דער אָפיציעלער פראָגראמ. וואָס וועט אינגיכנ פארעפנטלעכט ווערנ. דאָס דערקלערט זיכ טיילווײַז מיט דעמ, וואָס די „שפראכקענטעניש“ האָט נאָכ פאר זיכ דידאַקטישע פראָגראמ ניט געהאט. מיר זײַנענ זייער צופרידנ, וואָס די פראָגראמ האָט שוינ אינ זיכ אײַנגעשלאָסנ טיילווײַז די טערמינאָלאָגיע אונ א גאנצע ריי אנדערע מאָמענטנ פונ דער „שפראכקענטעניש“.

מיר באטראכטנ אונדזער בוכ, ווי אנ ערשטנ פרווו ביכלאל צו געבנ אנ ארבעטבוכ אפ שפראכ אינ צווייטנ קאָנצענטער. אונ ווי יעדער ערשטער פרווו, איז ער אויכ מיסטאָמע ניט ריינ פונ טאָעסנ אונ כעסרוינעס. מיר וועלנ דאנקבאר זײַנ די, וואָס וועלנ אונדז אָנווײַזנ דידאָזיקע טאָעסנ אונ כעסרוינעס [1].

לעסאָפ דריק איכ אויס מײַנ דאנק דעמ כאווער בעזנאָסיק פאר פראקטישע כאווערישע אָנווײַזונגענ.

כ. קאהאנ.

מינסק, 25/V 1930 י.

---

[1] אדרעס: Беларускае аддзяленьне Центравыдаву СССР, Плац волі, 17, для Кагана Х. К.

## פאָרוואָרט צו דער צווייטער אופלאַגע.

די ענדערונגענ אינ דער צווייטער אופלאַגע זיינענ ריינ רעדאַקציאָנעלע. מיר האָבּ דאָ אויסגעבעסערט אונ פאַרפינקטלעכט א ריי פאָרמולירונגענ, פאַרביטנ א ריי טעקסטנ אונ פאַריכט אייניקע טעכנישע פעלערנ.

צוליב דעם, וואָס דאָס בוך גייט ארויס סטערעאָטיפּירט, האָבנ מיר ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו מאַכנ מער ראַדיקאַלע ענדערונגענ.

כ. קאַהאַנ.

מינסק, ו׳/30 1931 י.

דעם ליכטיקן אָנדענק דײַנעם,
מײַן טײַערע
א י ד א (לייקין)
13/III 1895—9/II 1931

# אַלגעמיינער אָפּטייל

# I. וואָס מאַכט פּינקטלעכער, בינדיקער און פאַרשטענדלעכער די שפּראַך

## פּראַזע.

### אַרבעט 1.

1. הערט ווי איך לייען (דער לערער לייענט אין איינ טאָנ אָנ פּאוזעס).

אָוונט ס׳טונקלט שטאַרקער מיר קענענ אינ ערגעצ ניט גיינ מיר לייגנ זיך פרי שלאָפנ קיינ באַלייכטונג איז נאָך ניטאָ מיר טוענ זיך אויס אינ טונקל.

2. אייַך געפעלט אזא לייענונ?
3. איר האָט גוט פארשטאנענ, וואָס איך האָב געלייענט?
4. הערט, ווי איך וועל איצט לייענענ (לייענט ווי געהעריק).

אָוונט. ס׳טונקלט שטאַרקער. מיר קענענ אינ ערגעצ ניט גיין. מיר לייגנ זיך פרי שלאָפנ. קייַנ באַלייַכטונג איז נאָך ניטאָ. מיר טוענ זיך אויס אינ טונקל.

5. מיט וואָס איז דאָס איצטיקע לייענענ בעסער פונ פריערדיקנ?
6. לייגט אכט אפ דעמ, נאָך וויפל ווערטער פלעג איך זיך אָפּשטעלנ.
7. וואָס פאר א צייכנ קענ מענ שטעלנ אפנ אָרט פונ דער פּאוזע?

אויספיר. אז מיר ריידנ, אָדער מיר לייענענ, טיילנ מיר אייַנ די ווערטער אינ רייד־שטיקער. צווישנ איינ רייד־שטיק און דעמ אנדערנ מאכנ מיר א פּאוזע. די פּאוזעס מאכנ גרינגער צו פארשטיינ דאָס, וואָס מע רעדט.

דער רייד־שטיק פונ איינ פּאוזע ביז דער אנדערער, הייסט פּראַזע.

א פראזע קענ באַשטיינ פונ איינ וואָרט אָדער פונ א גאנצער גרופּע ווערטער.

באַמ שרייַבנ שטעלנ מיר אָפּט אפנ אָרט פונ די פּאוזעס צייכנס.

דידאָזיקע צייכנס ווייַזנ דעמ לייענער ווו צו מאכנ די פּאוזעס, און, בעתּ־ילע, ווייַזנ זיי שוינ אויך ווי אזוי מע דארפ פארשטיינ די פראזע.

**אופגאבע 1.** לייענט און טיילט אָפּ איין פראזע פונ דער אנדערער. שרײַבט אַראָפּ און שטעלט פונקטנ.

אפ מאָרגנ עס שטייענ שײנע הארבסטיקע טעג די לופט איז קלאָר און פראַסטיקלעכ־שארפ דער טאָג ווערט זוניקער און גאָלדיקער אפ חײַטע פעלדער שנײַדט מענ איצט הארבסטיקע טווועס עס פאלנ העל־בלאָנדע זאנגענ אונטער דער גלאנצנדיקער קאָסע זונ־שטראלנ בלישטשענ אופ אינעם שארפנ שטאָל געזאנגענ פונ שניטערס הערנ זיכ איבער די פעלדער

(לויט גלאזמאנענ).

ס׳פאלט צו די נאכט איינס נאָכ דאָס אנדערע צינדנ זיכ אָנ שטערנדלעכ אי הימל וואלד און פעלד שווײַגט אלצדינג דאָרט רוט עס פארוויגט זיי דאָס מילדע ווארעמע וועסנע־ווינטל דער סאָלאָוויי זינגט זיי א שיינ לידל עס שלאָפט אונטער דעם שאָטנ פונ ביימער און טשערעמ איכ דער טײַכ שא שטיל

(לויט מענדעלענ).

**אופגאבע 2.** לייענט יעדער פראזע, מאכט פאוזעס אינ פארשיידענע ערטער און באטראכט, וואָס פאר א באדײַטונג האָט דער אָרט פונ דער פאוזע פארנ אינהאלט. אפנ אָרט פונ די פאוזעס וועט איר שטעלנ קאָמעס.

צ. ב.

גיי, גיכ וועסטו עסנ וואַרמעס און קומענ באַלד צוריק.
גיי גיכ, וועסטו עסנ וואַרמעס און קומענ באלד צוריק.

דער קראנקער מעג זיצנ ניט לאנג ריידנ און לייענע.
די מאמע איז צוגעגאנגענ שטיל אראָפּגענומענ בא מיר דאָס היטל.
איכ האָב געקויפט ביכער יידישע רוסישע מאָסקווער צײַטונגענ און העפטנ מיר האָבנ דערזענ לאָנקעס גרינע פעלדער באוואקסענע און טאָלנ.
האָט אָפּגעברענט שקיִע אינ ווײַטנ איז פינצטער געוואָרנ (פיניג.).
וויקלט זיכ א שטאָט אינ אומרו און אינ שווארצנ אלע שויבנ זײַנענ הײַנט פארדעקט (כאר.).
דער שניי האָט געיאָמערט דער שניי האָט געריסנ אומעטיק און ברויגעוודיק פארהויבנ די שטימע (כאר.).

## רעטעניש.

אינ איינ האנט פינפ און צוואנציק
אינביידע הענט און פיס צענ
אינ די הענט און אינ די פיס צענ.

# אינטאָנאַציע פון די פראַזעס. פונקטואַציע.

## אַ ר ב ע ט 2.

(1) צוויי לעשניקעס האָבן אַריינגעפירט אין הויף אַריין אַ פויער מיט געבונדענע אָפּ-
געהיטער הענט.

(2) פון די שייַערן, פערדשטאַלן האָבן זיך באַוויזן פּאַראָבקעס אין שעפּסענע פּעלצן,
ניַיגעריק אַרומגערינגלט דעם אַרעסטאַנט.

(3) — וואָס איז דער מער, סטאַכ?

(4) — ווער האָט דיך אַזוי צעשלאָגן?

(5) — זע נאָר ווי געשוואָלן!

(6) — מע זעט דאָך באַ אים קיין אויג ניט אַרויס.

(באַטאַשאָ).

1. הערט זיך איַין אין דעם טעקסט, מיט וועלכע איך לייענען יעדער פראַזע.
2. מיט וואָס פאַר אַ טאָן האָב איך געלייענט די דריטע פראַזע?
3. מיט וואָס פאַר אַ טאָן האָב איך געלייענט די פינפטע פראַזע?
4. מיט וואָס פאַר אַ טאָן לייענט זיך די ערשטע פראַזע?

## דער סוינע באַ די טויערן.

(1) די שוואַרצע מוטער-נאַכט {
צעריסן ווערט פון וויי: }

(2) — דער סוינע באַ די טויערן!

(3) פון טיף פון האַרץ {
זיך רייַסט אַ ווילד געשריי: }

(4) — דער סוינע באַ די טויערן!

(5) אַפּ גיך צום פערד,
די האַנט שטאָל אָן,
ס'איז איצט דער שווערד, }
די שפּיז אַ פאָן— }

(8) — דער סוינע באַ די טויערן!

(שוואַרצמאַן).

1. באַמערקט, מיט וואָס פאַר אַ טאָן לייענען מיר דאָ די ערשטע און דריטע פראַזע?
2. וועלכע פראַזע לייענען מיר דאָ מיט אַן אויסרופ-טאָן און וועלכע מיט אַ באַפעלערישן טאָן?

**אויספיר.** לויט דער אינטאָנאַציע שיידן מיר אונטער פירערליי פראַזעס

1) **דערציייל־פראַזע**—ווען מיר ריידן מיט א רויִקן טאָן און מיר זײַנען נאָר אויסן איבערגעבן א צווייטן באַשטימטע פאקטן אָדער געדאַנקען.

צ. ב. צווי לעשניקעס האָבן אַרײַנגעפירט אין הויף אַרײַן א פויער מיט געבונדענע אָפּ אהינטער הענט.

2) **אויסרוף־פראַזע**—ווען מיר גיבן איבער פאקטן און געדאַנקען אָבער דערביי דריקן מיר אויך אויס די געפילן און איבערלעבונגען, וואָס פאַרכאַפּן אונדז, קלערנדיק וועגן דעם.

צ. ב. דער סוינע באַ די טויערן!

3) **פרעג־פראַזע**—ווען מיר ריידן און מיר זײַנען אויסן אַן ענטפער. דער ענטפער קען קומען סײַ פון דעם פרעגער זעלבסט (רעטאָרישע פראַגע) סײַ פון אַן אנדער פּערזאָן.

צ. ב. וואָס איז דער מער, סטאַכ?

4) **באַפעל־פראַזע**—ווען מיר ריידן און מיר זײַנען אויסן, אַז אונדזער פאָדערונג אָדער באַקאָשע זאָל אויסגעפילט ווערן.

צ. ב. אָפּ גיכ צום פערד!

שריפטלעכ ווערט די אינטאָנאַציע פון דער פראַזע באַצייכנט אָפּ פאָלגנדיקן אופן: דערציייל־פראַזע—מיט א פונקט (.), אויסרוף־פראַזע—מיט אַן אויסרוף־צייכן (!). פרעג־פראַזע—מיט א פרעג־צייכן (?), די באַפעל־פראַזע—ווי אמאָל: אמאָל—מיט א פונקט און אמאָל—מיט אַן אויסרוף־צייכן.

די סיסטעם פון צייכנס, מיט וועלכער מיר שיידן אונטער די אינטאָנאַציע אין דער געשריבענער שפּראַכ, הייסט **פּונקטואַציע.**

**אויפגאַבע 1.** לייענט און אינטאָנירט איינע פון די דערציילונגען, וואָס איר לערנט.

**אויפגאַבע 2.** באַשטימט די אינטאָנאַציע פון די פראַזעס אין דער פאָלגנדיקער ליד און שטעלט די געהעריקע פונקטואַציע אין סאָפּ פון די צווייטע און פערטע שורעס.

* * *

— מוליער, אָ, מוליער אין פארטעכ אין גרויען,
וואָס בויסטו דאָ, מוליער, דערקלער
— א טראַקטער־זאַוואָד, אָט דאָ זעסטו, מיר בויען
דעם גרעסטן אין פססר.

— — — — — — — — — — —

— מוליער, אָ, מול־ער, און ווער וועט באלוינען
פאר יאָג און פאר מי אָן א מאָס
— מיר בויען אליינ און מיר אלע איניינעם
און יעדער פונ אונדז באַלעבאָס

(כאשטשעוואצקי).

**אויפגאַבע 3.** לייענט יעדערע פונ די פאָלגנדיקע פראזעס אמאָל מיט א דערציילן־אינטאָנאציע, אמאָל מיט א פרעג־אינטאָנאציע און א מאָל מיט אנ אויסרופ־אינטאָנאציע. שרייַבט אראָפּ און שטעלט די געהעריקע פונקטואציע.

מיר גייען דעמאָנסטרירנ
די וועסט שרייַבנ דעמ בריוו
דער קאמפּ איז געענדיקט
די שול מוז קעמפנ מיט פינצטערקייַט און אָפּגעשטאנענקייַט.

**אויפגאַבע 4.** לייענט דעמ פאָלגנדיקנ פראגמענט און שטעלט די געהעריקע פונקטואציע פונ דער פראזע.

ס'פויערים־פאָלק מיט די ווייַבער און קינדער זייַנען צונויפגעקומען, זיך געשטעלט ארום און ארום דער אָפענער טרומנע, ווו זייער שאָכנ פיאסעצקי איז געלעגנ

— שכיינים, איר ווייסט ווער ס'האָט דערהארגעט מייַ טאטנ .
— מיר ווייסנ—האָבנ די פויערים געענטפערט און זיך אראָפּגעלאָזט אפ די קניעס
— איך וויל איר זאָלט מיר העלפנ קריגנ גערעכטיקייַט
— מיר וועלנ העלפנ מיר וועלנ העלפנ
— גערעכט
— גערעכט
— נעמט דעמ טויטנ
— נעמט די טרומנע
— קומט
— קומט
— לאָזט די טרומנע אפּ אפריער
— ווער האָט אימ דערהארגעט
— פיאסעצקינ
— יאָ
— כ'ווייס נישט
— מע זאָגט, דער פּאנ
— מיר וועלנ זיך אָפּרעכענען מיט אימ
— צינדט אָנ שטיקער קינ—האָבנ זיך געהערט קוילעס פונ אלע זייַטנ

— ס'איז דאָכ נאָכ טאָג
— צינדט אָנ, זאָגט מענ אײַכ
דאָ אונ דאָרט האָבנ אופגעפלאקערט מיט א קנאקערײַ שטיקער קינ, זיכ געריסנ צום פארפלאמטנ הימל.

(אפאטאָשו).

# אינטאָנירנדיקע ווערטער

## ארבעט 3.

מיר גייענ היינט דעמאָנסטרירנ
דו ווייסט ניט, דו פארשטייסט ניט
סע וואקסנ קינדערלעכ, סע וואקסנ
רינדער

מיר גייענ דענ היינט דעמאָנסטרירנ
צי דו ווייסט ניט, צי דו פארשטייסט ניט
אָי, סע וואקסנ קינדערלעכ, אָי, סע
וואקסנ רינדער

1. אינ די פראזעס פונ ביידע זײַטנ איז ניט אָנגעוויזנ די פונקטואציע. אינ וועלכער זײַט איז אײַנגרינג צו באשטימענ די אינטאָנאציע פונ די פראזעס אונ פארוואָס?

2. שרײַבט אראָפּ אונ שטרײַכט אונטער אינ דער לינקער זײַט די ווערטער, וואָס ווײַזנ אָנ די אינטאָנאציע

**אויספיר.** די ווערטער צי, דענ, ווער א. א. זײַנענ פרעג־ווערטער אינ דער פראזע ווײַזנ זיי אָנ די פרעג־אינטאָנאציע.

די ווערטער אָי, העי, אכ, אָכ, פע א. אנ. זײַנענ אויסרופ־ווערטער. אינ דער פראזע ווײַזנ זיי אָנ די אויסרופ־אינטאָנאציע. די אויסרופ־ווערטער טיילנ זיכ אָפּ פונ די איבעריקע ווערטער אינ דער פראזע מיט א קאָמע.

די פרעג־ווערטער אונ אויסרופ־ווערטער הייסנ **אינטאָנירנדיקע ווערטער.**

**אופגאַבע 1.** באשטימט די אינטאָנאציע פונ די פאָלגנדיקע פראזעס; שטעלט די פונקטואציע, שטרײַכט אונטער די אינטאָנירנדיקע ווערטער, אויב זיי זײַנענ פאראַנ אָט אזוי:

Z[1] איז ארויפט פונעם געלעגער,
אונ ארויסט פונ אונטער פלויט! (באפעל)
Z קאָנסט באפעלנ דענ א בליצ ניט בליצנ? (פראגע).
די ווײַטערדיקע מאכט אליינ.
Z עכ האָט מענ אמאָל געיאָגט
Z וויקלט פאנאנדער די פאָנע די רויטע
Z מיר וועלנ די הויכע, די פינצטערע וואנט צעברעכנ, צעברעכנ
Z ווער קאָנ מיר הייסנ ווארטנ
Z ווער קאָנ פארווערנ האסנ

[1]) דער צייכנ (Z) ווײַזט, ווו עס הויבט זיכ אָנ א נײַע פראזע.

Z ווער וועט אונדז דערציילנ, ווער וועט אונדז באַווּסטיקנ
פונ געשעענעמ אונ פונ געוועזענעמ
Z העי דאָס פליענ אופ
אונ וויכערנ אפּ לענדער
פונ דייַנ שוואַרצנ אָדלער אויסגעפליקטע פעדערנ
Z ווייסט, וואָס הייסט א קאָלעקטיוו
Z העי הערסט פונעמ וואַרשטאַט דעמ פראָלעטאַריאַטס קאָל
Z אכ ווי הילכיק ס'האָבנ זיכ צעשאָטנ לענינס באָמבעס,
געשליידערטע אינ קאפּיטאליזמ
Z העי געדרינדזשעטע באַלאַלייַקע
Z גענוג שוינ צו זייַנ די באַרויבטע
Z גענוג שוינ צו זייַנ די גענאַרטע
Z עכ ווו נעמט מענ טויזנט הענט,
איינ פּאָר הענט איז ווייניק

# לאָגישער אקצענט

## אַרבעט 4.

ווער ליגט אפּנ דיוואַנ? → מוישע ליגט אפּנ דיוואַנ.
וואָס טוט מוישע? → מוישע ליגט אפּנ דיוואַנ.
ווו ליגט מוישע? → מוישע ליגט אפּנ דיוואַנ.
מוישע ליגט אפּנ דיוואַנ צי אונטערנ דיוואַנ? → מוישע ליגט אפּנ דיוואַנ.

1. באַטראַכט די ענטפערס, וואָס קומענ אפּ די פראַגעס.
2. צי האָבנ זיכ געענדערט די ווערטער אינ דעמ ענטפער?
3. וועלכע ווערטער האָבנ מיר באַמ ריידנ אונטערגעשטראָכנ אינ יעדער ענטפער באַזונדער?
4. צי בייַט זיכ צוליב דעמ דער געדאַנק?

**אויספיר.** אינ א פראַזע, וואָס באַשטייט פונ עטלעכע ווערטער שטרייַכנ מיר אונטער, אקצענטירנ מיר די ווערטער, וואָס דאַרפנ קלערער אונ פּינקטלעכער מאַכנ אונדזער געדאַנק.

אָט דער אקצענט, וואָס פאַלט אפּ איינעמ פונ די ווערטער אינ דער פראַזע, ווערט אָנגערופנ **לאָגישער אקצענט**;

לאָגישע אקצענטנ קענענ אינ דער פראַזע זייַנ עטלעכע, אָפּהענגיק פונ דעמ, וואָס מע וויל אונטערשטרייַכנ.

## אופגאַבע 1.

### דער צענטראַלער קלוב איז געפּאַקט מיט קינדער.

לייענט דידאַקטיקע פראַזע אזוי, אז יעדער מאָל זאָל זי זייַנ אַנ ענטפער אפּ איינער פונ די פאָלגנדיקע פראַגעס. שטרייַכט אונטער יעדער מאָל דעמ וואָרט, וואָס טראָגט אפּ זיכ דעמ לאָגישנ אקצענט.

1) וואָסער קלוב איז געפּאַקט מיט קינדער? 2) וואָס איז געפּאַקט מיט קינדער? 3) דער צענטראַלער קלוב—איז וואָס מיט קינדער? 4) דער צענטראַלער קלוב איז געפּאַקט מיט וועמען?

**אויפגאַבע 2.** שטעלט צונויף פראַגעס צו יעדערער פון די פאָלגנדיקע פיר פראַזעס, אָפּהענגיק פון דעם אונטערגעשטראָכענעם וואָרט.

1. מיר וועלן קעמפן ביזן לעצטן זיג!
2. מיר וועלן קעמפן ביזן לעצטן זיג!
3 מיר וועלן קעמפן ביזן לעצטן זיג!
4. מיר וועלן קעמפן ביזן לעצטן זיג!

**אויפגאַבע 3.** לייענט די פאָלגנדיקע שפּריכווערטער און ווערטלעך און שטרײַכט אונטער די ווערטער, וואָס טראָגן אַף זיך אַ לאָגישן אַקצענט.

## שפּריכווערטער און ווערטלעך.

1. אַ דאָקטער קען זיך אַליין ניט היילן.
2. אַז מע לייגט זיך הונגעריק, שטייט מען אויף שלעפעריק.
3. וואָס איינער האָט אין זיך, וואַרפט ער פון זיך.
4. מיט טראַכטן וועסטו גאָרנישט מאַכן.
5. ווען איין נאַר וואַרפט אַרײַן אַ שטיין אין ברונעם, קענען אים קיין צען קלוגע נישט אַרויסנעמען.
6. אַ יונג ביימעלע בויגט זיך, אַן אַלט ברעכט זיך.
7. מע דערקאָנט נאָך די באַקן, וואָס די ציינער קנאַקן.

**אויפגאַבע 4.** לייענט די פאָלגנדיקע ליד און שטרײַכט אונטער די ווערטער, וואָס טראָגן אַף זיך אַ לאָגישן אַקצענט.

## אין פעלד.

עס סוידען זיך פעלדער מיט זײַדענע רוישן,
פלאַפּלען פאַרכאָלעמט אין ראָזלעכער פרי,
און צערטלעך זיי וויגן אַף גאָלדענע שויסן
געקרויזלטן ערשטלינג פון פויערשער מי.

די ערד האָט צעעפנט די טויִקע ליפּן,
עס שפּרייט זיך איר אָטעם, ווי שלייערן רויך;
מיט גאָלדענעם מאַבל דורך ראָזלעכע זיפּן
פאַרטרונקען, דעם סטעפּ האָט די לויטערע הויך.

ווי לאַנג ערשט, ווי לאַנג, אַז געהערשט האָט דאָ וורַאנגעל,
עס סטאַרטשען נאָך ביינער פון ערדישער טיף,
איצט דרעשט אַ מאַשין די גערעטענע זאַנגען
— פון יונגן, פון פֿויערשן מי־קאָלעקטיוו.

אין סטעפּ נאָר אַ גרויסער באַראַק, ווי אַ טרונע,
נאָר זעלטן צו זאַט אַ פֿאַרדאַרט שטיקל ברויט,
נאָר זאַפטיקע זאַנגען פון יונגער קאָמונע
פֿאַרבליען שוין גאָלדיק די שליאַכן פון נויט.

עס סוידען זיך פֿעלדער מיט זײַדענע רוישן,
פֿאַרטרויען דעם ווינטל די סטעפּישע רייד,
און צערטלען זיי וויגן אויף גאָלדענע שויסן
פֿאַר נאָענטן מאָרגן אַ דופּטיקע פרייד.

(כאַיִם גילדין).

# אַקצענטירנדיקע ווערטער.

## אַרבעט 5.

**איך גיי אין קלוב. | אַפּילע איך גיי אין קלוב. | איך גיי אַפּילע אין קלוב.**

1. צי איז דער אָרט פון דעם לאָגישן אַקצענט אין דער פּראַזע פון דעם ערשטן זאַץ באַשטימט?
2. אויף וועלכן וואָרט איז דער לאָגישער אַקצענט אינעם צווייטן זאַץ? און אינעם דריטן?
3. דורך וואָס איז קענטיק געוואָרן דער אַקצענט?

**אויספיר.** די ווערטער אַפּילע, דאַפּקע, טאַקע, דאָך, גראָד, גראַדע א. אנ., וואָס שטעלן זיך צו צו יענעם וואָרט פון דער פּראַזע, אויף וועלכן עס פֿאַלט דער לאָגישער אַקצענט, הייסן **אַקצענטירנדיקע ווערטער.**
די אַקצענטירנדיקע ווערטער זײַנען באַהילפיקע (זע צום סאָף זעלבשטענדיקע און באַהילפיקע ווערטער).

**אויפגאַבע 1.** שטעלט צו איינעם פון די אַקצענטירנדיקע ווערטער (אַפּילע, דאַפּקע, טאַקע, דאָך, גראָד, גראַדע א. אנ.) צו פֿאַרשיידענע ווערטער אין דער פּראַזע, דערווײַזט, אַז צוליב דעם וואַנדערט אום דער לאָגישער אַקצענט און עס בײַט זיך דער געדאַנק.

ער איז אַ גרויסער קעמפער (גראָד).
די קינדער זײַנען געוועזן אויף דער פֿאַרזאַמלונג (אַפּילע).
הײַנט איז געגאַנגען אַ גרויסער רעגן (גראָד).
אין קרים טרעפן קאַלטע וועטערס (אויך).

איך האָב געלייענט שוואַרצמאַנס לידער (אַפּילע).
איך האָב דיר געזאָגט וועגן דעם (דאָך).
איך קען זינגען (נאָר).
אין פ.ס.ס.ר. שטייט דער אַרבעטער און פּויער בא דער מאַכט (טאַקע).

# אָרדענונג פון ווערטער.

## אַרבעט 6.

**מיר די לענדער דאַרפן קאַפּיטאַליסטישע און דעריאָגן איבער־ יאָגן.** (1

1. יעדער וואָרט באַזונדער איז דאָ א ריכטיקער?
2. פאַרוואָס איז ניט קלאָר דער געדאַנק?

**מיר דאַרפן דעריאָגן און איבעריאָגן די קאַפּיטאַליסטישע לענ־ דער.** (2)

4. דערקלערט, צוליב וואָס איז דאָ קלאָר געוואָרן דער געדאַנק?

**אויספיר.** אין דער שפּראַך איז זייער וויכטיק די אָרדענונג פון ווער־ טער. די אָרדענונג פון ווערטער בייט אָפט דעם געדאַנק (ווער עס אַרבעט דער עסט—ווער עס עסט, דער אַרבעט); ניט קיין פּינקטלעכע אָרדענונג פון ווערטער קען ברענגען צו אַבסורדן (אין שטוב איז דאָ א צימער—אין צימער איז דאָ א שטוב).

**אויפגאַבע 1.** ענדערט די אָרדענונג פון די ווערטער און פאַריכט די אַב־ סורדן אין די פאָלגנדיקע פּראָזעס:

ער האָט אָנגענומען א פולן וואַסער מיט מויל. אַראָפּ א קאָפּ פון יאָך. סייכל גיב קאָפּ. ער האָט די פּלייצעס אַפּ א קאָפּ. איך דאַרף דאָס ווי א קאָפּ אין לאָך א וואַלד אין בער געפייגערט. עס איז בא אים א פולער צונג מיט מויל, דאָס בוימעלע פאַלט ניט ווייט פון דעם עפּעלע. ער איז געבליבן ווי אן עק אָן א בער. דער בעסטער בייטש באַדאַרף האָבן א פערד. א גאַסט קומט אַפּ א מייל און זעט אַפּ א ווייל.

**אויפגאַבע 2.** פאַריכט דעם אַבסורד, וואָס האָט זיך באַקומען פונעם ליד בא מאָטל פייסע דעם כאַזנס, ווען ער האָט פאַרקויפט קוואַס.

ייִדן, א געטראַנק
א קאָפּיקע א ייִד!
א קוויק און א קאַלט
א דערקוויקעניש!

(ש.־אַל. „קוואַס“).

**אויפגאַבע 3.** בײַט די אָרדענונג פון די ווערטער אין די פאָלגנדיקע פראזעס אזוי, אז עס זאָל זיך דערפון בײַטן דער אינהאַלט.

פריִער הובל, נאָכדעם זעג ——— פריִער זעג, נאָכדעם הובל
עס ניט שעמט זיך ———
די מוטער רופט דאָס קינד ———
די מוטער ליבט די טאָכטער ———
פריִער ארבעט, נאָכדעם עס ———
איך בין א שנײַדער, איך האָב א נאָדל ———
אין אלמער ליגט א בוך אפּ א העפט ———
איך ווייס, וואָס הייסט גוט לערנען ———
איך ווייס, ווי מע דארף בעסער ארבעטן ———
איך בין א שוסטער, איך האָב א נאָל ———
זײַן א שקלאַפ איז ניט גאָר גוט ———
די ארבעט איז ניט גאָר גוט ———
איצט איז צוויי אזייגער ———

צ. ב. די ארבעט איז מיר ניט גאָר געפעלן—די ארבעט איז מיר גאָר ניט געפעלן.

**אויפגאַבע 4.** טראכט צו פינף פראזעס, וואָס אין זיי וועט זיך ענדערן דער אינהאַלט, אָפּהענגיק פון דער אָרדענונג פון די ווערטער.

## ענדונגען.

### ארבעט 7.

## 1) מיר (גיין) אין (דײַנער) (פאָרנטיקער) רייען (שפּאַנענדיקער) מענטשהײַט!

1. צי קען מען זאָגן, אז דאָ קלעפּט זיך א וואָרט צו א וואָרט?
1. פּרוּווט ענדערן די אָרדענונג, עפּשער וועט העלפן (עס העלפט ניט).

## 2) מיר גייען אין דײַנע פאָרנטיקע רייען, שפּאַנענדיקע מענטשהײַט!

3. איצט קלעפּט זיך א וואָרט צו א וואָרט?
4. וואָס האָבן מיר געענדערט אין דער צווייטער פראזע אין פארגלײַך מיט דער ערשטער?
5. וואָס האָט זיך געענדערט אין די ווערטער „גייען", „דײַנע", „פאָרנטיקע", „שפּאַנענדיקע" אין פארגלײַך מיט די ווערטער „גיין", „דײַנער", „פאָרנטיקער", „שפּאַנענדיקער", וואָס זיי האָבן זיך בעסער צוגעפּאסט אין דער פראזע?

**אויספיר.** קעדיי עס זאָל זײַן קלאָר, וואָס מיר ריידן, איז נאָך ווייניק ארויסזאָגן ווערטער אין אַן אָרדענונג מיט א געהעריקער אינטאָנאַציע, נאָר די ווערטער דארפן זיך צופּאסן איינע צו די אנדערע מיט זייערע ענדונגען, צ. ב. מיר—גיי-ען רייען—דײַנ-ע, מענטשהײַט—שפּאַנענדיק-ע, רייען—פאָרנטיק—ע.

**אויפגאַבע 1.** ענדערט די פאָלגנדיקע ווערטער, אזוי, אז עס זאָלן זיך באַקומען ריכטיקע פראזעס.

די ארמיי (קומען) היינט פון (דער) לאגערעס. אלע פיאָנערן (גיין) (באגעגנט) די רויטע ארמיי. (דער) גאס איז באפוצט מיט (רויטער) פאָנען.

נעכטן (האָבן) איך (באגעגענען) מיינעם א כאווער. ער איז געקומען צו (זיינער) מאמען אין געסט.

**אויפגאַבע 2.** ברענגט אין אָרדענונג די פאָלגנדיקע פערזן:

אין וועלדער (געדיכטער), אין וועלדער (וויסרוסישער) ווער וועט היינט האלטן די וואכ. מיין טאטע (זיצן און לייענען) דעם מאָסקווער „עמעס". נאט!— מיר שענקען אייך (פאַרהאָרעוועטער) הענט. די (צעבראָכענער אלטער) געביידע איז באוואָקסן מיט אומעט און שרעק. פרייד צו אייך,—(צייטיקער) פעלדער און (פויערשער, ערדישער) הענט. האָט מען די (פריצישער) הויפן צענומען, (גאַנצער) נעכט האָט געפלאקערט דער פאלאַץ. (לופטיקער) הימלען, (צעוויקלטער קלאָרער, לופטיקער קלאָרער)—אין הארבסטיקן אומעט. עס (סוידעט זיך) פעלדער מיט (זיידענער) רוישן. נאָר (זאפטיקער) זאנגען פון (יונגע) קאָמונע פארבליען שוין גאָלדיק די שליאכן פון נויט. אף (רויכיקער) ערדן פון (הילכיקער) שלאכטן און (רוישיקער) נעכט, היינט גייט מען שוין מער ניט אָן פאָנען, אָן שווערדן ווי קנעכט.

**אויפגאַבע 3.** פון די פאָלגנדיקע פראזעס שרייבט אראָפּ יעדער פאָר ווערטער, וואָס פאסטן זיך צו איינער צום אנדערן לויט דער ענדונג.

אין די הימלען שווימען בלויע רויכן (כאר.). אף אלטע קראָמען הענגען אלטע שילדן (כאר.). אונטער הויכע הימלען, איבער וועלטנס ענדן ניט קיין כמארעס רינגלען, ניט קיין ווינטן רעדערן (קושנ.). קומען טעג אף די טייכן, אף די גילדענע ברעגן, פאלט די זון אף די כוואליעס, ווי א בראָנזענער רעגן (פעפ.). עס פלאקערן פאָנען, עס רייסן זיך הייסע געשרייען פון ברוסטן פארפלייצטע פון פרייד. און רייען, נאָך רייען אלץ גייען און גייען, און פאָנען נאָך פאָנען אלץ רופן און מאָנען (שוואר.). האָבן מיר א טאָג א גרויסן, טאָג א רויטן,—הויבן מיר אים אָן (קוו.). ווייען די פאָנען די רויטע אף קיעווער קרעשטשאטיק (פיניג.). גייט ארויס א האסטיקער דעקרעט מיט ווערטער זיכערע, ווי פיילן (כאר.). טייך מיין ליבער, גרויסער דניעפער, ברעגן דולע און פארשייטע! פעלזן שווערע, פעלזן אלטע, שטראָמען אומרויקע, ווייטע (פעפ.).

צ. ב. רויכן שווימען;
רויכן בלויע;
די הימלען.

## צונויפציִענדיִקע ווערטער.

### אַרבעט 8.

הײַנט גייען מיִר מיִט אַ עקסקורסיע (?) זאַוואָד. (1)

אַפנ זאַוואָד אַרבעטנ מענער (?) פרויען. (2)

מיִר וועלנ דאָרטנ זאַמלען יעדיִעס (?) דער פּראָדוקציע. (3)

1. שטעלט צו די געהעריקע ווערטער אַפנ אָרט פונ די קלאַמערנ.

**אויספיִר.** די ווערטער אַף, וועגנ, אונ זײַנען **צונויפציִענדיִקע ווערטער**. די צונויפציִענדיקע ווערטער בינדנ צונויפ די איבעריקע ווערטער אינ דער פראַזע און מאַכן פינקטלעכער און קלערער דעם געדאַנק. ———

צונויפציִענדיקע ווערטער זײַנען פאַראַנ אַסאַך, צ. ב. אַף, אונטער, איבער, צו, נעבנ, אָנ, מיט, אונ, איִ—איִ, סײַ—סײַ, אָבער, נאָר, פאַרבײַ, פאַר, צוליב, קעגנ, אויסער א. אַנ.

**אויפגאַבע 1.** שאַפט פראַזעס, אינ וועלכע עס זאָלנ אַרײַנ די אויבנאָנגעוויזענע צונויפציִענדיקע ווערטער.

**אויפגאַבע 2.** שרײַבט אַרויס די צונויפציִענדיקע ווערטער פונ די פאָלגנדיקע פראַזעס.

אונדזערע זאַוואָדנ קאָנען שוינ געניסנ אי פונ גרויסנ אומרו, איִ פונ גרויסער רו (פעפ.). קלינגענ שטימענ אַף די פעלדער פריילעכע אונ דרייסטע (וויינער.). שפאַנ איכ איבער גאַס אונ ווער נישט מיד צו קוקנ (גילד.). האָט אָפּגעברענט שקיע אינ ווײַטנ, איז פינצטער געוואָרנ (פינינ.). זינגענ כוואַליעס דאָרט בא שאַרפע ברעגנ (פעפ.). איבער שטעט אונ דערפער גייענ שוואַרצע וואָלקנס (פעפ.). איכ שטיי אַפנ פלאַצ פונ מײַנ נעכטיקער היימ, שמייכלט צו מיר יעדער ברעט, יעדער שטיינ (פעפ.). פונ שטעטלעכ אונ שטעט זײַנען יונגענ אוועק (פעפ.). שווער איז איצטער אונדזער צײַט, ביקס אַפ פלייצע, ביקס בא זײַט (פעפ.).

**אויפגאַבע 3.** פונ די פאָלגנדיקע פראַזעס שרײַבט אַראָפּ יעדער פּאָר ווערטער, וואָס זײַנען פאַרבונדנ לויטנ אינהאַלט, פאַסטנ זיכ צו איינער צום אַנדערנ לויט דער ענדונג, אָדער פאַרבינדנ זיכ איינער מיטנ אַנדער מיט דער הילפ פונ א צונויפציִענדיקנ וואָרט.

שטיפנ טעג באַמ ראָג, ווי בלאָנדע קינדער (פעפ.). גייט אַרויס א האַסטיקער דעקרעט מיט ווערטער זיכערע, ווי פײַלנ (כאַר.). מיר, הויכע, האַרטע, פעסטע ווענט, פאַרורטיילטע הערנ אונ שטומענ (קושנ.). אַפ די ראַשיקע שטראָמענ פאַלט א שטויביקער טומל (פעפ.). רוט דער האַמער, רוט די האַק אינ א ווינקל אינ באַראַק (פעפ.) אַפ געסל אונ אַפ לאַנד לײַכט דער רויטער שטערנ (ראַב.). אַפ פינצטערע ראָגנ פאַרשאָטענע דרימלען שאָמרים מיט ביקסנ אינ הענט, ווי

פארשמידט (כאשטש.). עפנט דער שוימער פארשגייעטע ברעמען (כאשטש.). פאלן שאָטנס פון די טונקעלע בערג (פעפ.). מיר פארברענען אלטע שמאטעס (קוו.). פון עק גאס שווימט—ארויס א שאָטן פון א מענטשן. איצטער קלאפ איך גאנצע אוונטס (באר). איינגעהויקערט זיצט דער פאָטער אפן טיש פארטראכט און נייט (באר.) פיל ווילדע מענטשן וווינען אין היילן. שטיינקוילן גראָבט מען פון דער ערד. פון לויטערן הימל שיינט—אראָפּ די זון מילד און פריינטלעך. דער ווינט קלאפט אין פענצטער און פייפט אין קוימען. איבער דער בעריאָזע הענגט א שטרענגער בריק (כאר.). זיפט דער הימל ווייסע קאלטע שטערן (פעפ.).

### צ. ב. שטיפן טעג באם ראָג ווי בלאָנדע קינדער (פעפ.).

טעג שטיפן
שטיפן באם ראָג
שטיפן ווי קינדער
קינדער בלאָנדע.

### אָפּ געסל און אָפּ לאנד לייכט דער רויטער שטערן (ראב.)

דער שטערן לייכט
רויטער שטערן
לייכט אפ געסל
לייכט אפ לאנד
אפ געסל און אפ לאנד.

**אויפגאבע 4.** דיזעלבע זאצן פרוווט סכעמאטיזירן אפ פאלגנדיקן אופן:



* * *

. . . . . 9.

מיר ריידן מיט דער הילף פון קלאַנגען. קלאַנגען אַליין זײַנען נאָך אָבער ניט שפּראַך. **קלאַנגען ווערן דעמלט שפּראַך, ווען זיי גיבן איבער אינהאַלט, געדאַנקען**, ווען זיי ווערן אַ מיטל, דורך וועלכן מענטשן פאַרשטייען זיך איינער דעם אַנדערן, צ. ב. די קלאַנגען „יטש", „אַלמפּ" קענען מיר ניט אָנרופן—שפּראַך, די קלאַנגען „טיש", „לאָמפּ"—יאָ. ווײַל די ערשטע זײַנען נאָר קלאַנגען, זיי גיבן אָבער ניט איבער קיין אינהאַלט. די צווייטע זײַנען דיזעלבע קלאַנגען, אָבער זיי גיבן שוין איבער אַן אינהאַלט.

די קלאַנגען הערן מיר, דעם אינהאַלט פאַרשטייען מיר.

שריפטלעך גיבן מיר איבער די קלאַנגען פון דער שפּראַך מיט ספּעציעלע צייכנס, וועלכע הייסן **אותיות אָדער בוכשטאַבן**.

די **סיסטעם פון בוכשטאַבן**, מיט וועלכער מיר גיבן איבער די שפּראַך־קלאַנגען, הייסט **אַלעפבייז**.

**אויפגאַבע 6.** שטעלט צונויף בינדיקע פראַזעס מיט אַ קלאָרן אינהאַלט פון די ווערטער, וואָס ווערן געגעבן אונטן אין אַן אומאָרדענונג.

| | | |
|---|---|---|
| ווירטשאַפט | גערעטעניש | לענין |
| קאַמף | מיר | לעניניזם |
| שלעגלער | טעמפּן | שטאַרבן |
| פּראָמפינפלאַן | אַראָפּנעמען | לעבן |

| | | |
|---|---|---|
| רויט | וויכטיק | באַריכט |
| באַשיצן | ווירטשאַפט | אָוונט |
| האַנט | שפּילן | אַרבעט |
| לאַנד | עלעקטרע | שול |
| ביקס | ראָל | קינד |
| אַרבײַ | | עלטערן |
| שפּרינ | | לייענען |

# II. וועגנ די קלאנגענ

.10 . . . . .

## דער אלעפבייז.

| | | | |
|---|---|---|---|
| | ה h | י j | ס s |
| א a | ו(וּ) u | יִ i | ע e |
| אָ o | וו v | ײַ aj | פּ p |
| ב b | וי oj | יי ej | פ–ף f |
| ג g | ז z | כ–ך x (* | צ–ץ c |
| ד d | זש ž | ל l | ק k |
| דז dz | ט t | מ–ם m | ר r |
| דזש dž | טש č | נ–ן n | ש š |

*) די ענדע־אויסיעס ווערנ איצט ביסלעכווײַז אָפּגעשאפט.

# ווי אַזוי אַרבעט דער רייד-אַפּאַראַט.

. . . . . **11.**

מירריידן מיט דער הילף פון די רייד־אָרגאַנען. צו די רייד־אָרגאַנען געהערן: 1) די לונגען, 2) דער גאָרגל, 3) די שטים־בענדער, 4) דער נאָז־כאָלעל און 5) דער מויל־כאָלעל. צום מויל־כאָלעל געהערן די צונג, דער גומען, די ציינער און די ליפּן.

די לונגען לאָזן אַרויס פון זיך אַ שטראָם לופט, וואָס גייט אין גאָרגל; אין גאָרגל באַוועגט די לופט די אָנגעצויגענע שטים־בענדער; דערפון ווערן געבאָרן מוזיקאַלע קלאַנגען, וועלכע ווערן אָנגערופן **שטימען** (אַ, אָ, י, ו, ע).

די שטים־בענדער קענען זײַן ניט אָנגעצויגן, דאַן באַוועגט זיי ניט דער שטראָם לופט, און מיר באַקומען אָנשטאָט אַ שטים אַ שטילן געריוש, וואָס גייט פון גאָרגל—ה.

פון גאָרגל גייט אַרײַן דער שטראָם לופט אין דעם מויל־כאָלעל. דאָ נעמען שוין אָנטייל אין אויסבילדן די קלאַנגען דער גומען, די צונג, די ליפּן און די ציינער. פון גאָרגל גייט דער שטראָם לופט אויך אין נאָז־כאָלעל. די פאַרשיידנאַרטיקײַט פון די שפּראַך־קלאַנגען הענגט אָפּ פון דעם, וואָסערע רייד־אָרגאַנען עס נעמען אָנטייל אין אויסבילדן דידאָזיקע קלאַנגען, און ווי אַזוי זיי נעמען אָנטייל.

# וואָקאַלן און קאָנסאָנאַנטן.

**אַרבעט 12.**

אַ, ע, י (1)

בּ, ג, י (2)

ײַ ױ (3)

1. לייענט הויך דעם אַ, נאָכדעם דעם בּ.
2. בײַ וועלכע פון די צוויי גייט די לופט דורך פרײַער? פּרוּווט אויס די איבעריקע.
3. לייגט אַכט, ווען גייען זיך ענגער צונויף די רייד־אָרגאַנען (די ליפּן, די צונג מיטן גומען, די ציינער), ווען איר ברענגט אַרויס די קלאַנגען פון דער ערשטער שורע, צי ווען איר ברענגט אַרויס די קלאַנגען פון דער צווייטער שורע.
4. לייענט די אויסעס פון דער לעצטער שורע און זאָגט, וואָסערע קלאַנגען באַצייכענען זיי (ײַ = אַ + י א. א. וו.).

**אויספיר.** די קלאַנגען פון דער שפּראַך טיילט מען אָפּ אויף **וואָקאַלן** און **קאָנסאָנאַנטן**. וואָקאַלן ווערן אָנגערופן די קלאַנגען, וואָס בילדן זיך אויס בײַ אַ פרײַען לופט־שטראָם, קאָנסאָנאַנטן—די קלאַנגען, וואָס בילדן זיך אויס פון דעם, וואָס דער לופט־שטראָם ווערט איבערגעריסן דורך דער באַגעגעניש פון די רייד־אָרגאַנען איינע מיט די אַנדערע (די צונג מיטן גומען, מיט די ציינער, די ציינער צווישן זיך, די ליפּן צווישן זיך א. א. וו.). די וואָקאַלן, וואָס זײַנען צונויפגעזעצט מיטן קאָנסאָנאַנט י, ווערן אָנגערופן **דיפטאָנגען**. צ. ב. ײַ, ױ א. אנ.

**אויפגאבע 1.** טיילט אויס פון דער טאבעלע פון דעם ייִדישן אלפבייז באזונדער די וואָקאלן און טיילט אָפּ באזונדער די דיפטאָנגען.

**אויפגאבע 2.** דערקלערט, פון וואָסערע צוויי קלאנגען באשטייען די דיפ־טאָנגען ײַ, וי, יי. צ. ב. ײַ=אַ+י א. א. ו.

**אויפגאבע 3.** ברענגט ארויס איינציקווײַז די פאָלגנדיקע קאָנסאָנאנטן און באשטימט, מיט דער הילף פון וועלכע רייד־אָרגאנען שאפן זיי זיך (צונג, גומען, ציינער, נאָז, ליפּן).

ב, פּ, מ.
ל, ש, ט.
ק, ג, נ.

**אויפגאבע 4.** פרוווט אויס אלע קאָנסאָנאנטן לויטן אלפבייז, און שטעלט זיי אריין אין איינעם פון די פאָלגנדיקע רובריקעס:

| ליפּן | צונג—צאָן | צונג—גומען | נ אָ ז | גאָרגל |
|---|---|---|---|---|
| | | | | |

קאָנטראָלירט אײַערע אויספירן לויט דער פאָלגנדיקער טאבעלע:

## די טאבעלע פון קאָנסאָנאנטן לויט די רייד-אָרגאנען.

13 .....

| ליפּן | צונג־צאָן | צונג־גומען | נ אָ ז | גאָרגל |
|---|---|---|---|---|
| ב | ט | ק | נ | ה |
| פּ | ד | ג | מ | |
| פ | צ | כ | | |
| וו | ס | י | | |
| מ | ז | | | |
| | ש | | | |
| | ל | | | |
| | ר | | | |
| | דז | | | |
| | זש | | | |
| | דזש | | | |
| | טש | | | |

# הילכיקע אונ דומפּע קאָנסאָנאַנטנ.

## אַרבעט 14.

## ב, וו, ג, ד, פּ, ז, ט, ר, ק, ש.

1. פאַרשטאָפּט די אויערנ, רעדט אויס די אויבנאָנגעוויזענע קאָנסאָנאַנטנ איינציקווײַז אונ הערט זיכ איַינ, בא וועלכע הילכט איַיכ מער אינ קאָפּ.
2. פּרווט אויס אלע קאָנסאָנאַנטנ פונ דער שפּראַכ אונ שטעלט זיי אויס אינ צוויי רייענ:

| | |
|---|---|
| דומפּע | |
| הילכיקע | |

**אויספיר.** לויט דער הילכיקייַט קענ מענ איַינטיילנ די קאָנסאָנאַנטנ איז הילכיקע אונ דומפּע. די הילכיקע באַשטייענ פונ גערויש אונ שטימ, די דומפּע—בלויז פונ גערויש.

די קלאַנגענ ל. מ. נ. ר. זײַנענ די הילכיקסטע פונ אלע קאָנסאָנאַנטנ.

**אופגאַבע 1.** **באַצייכנט** די הילכיקע פונויבנ מיט א +, אונ די דומפּע פונויבנ מיט א —. באַטראַכט די אָרדענונג, אינ וועלכער זיי זיַינענ אויסגעשטעלט אינ יעדער שורע.

1. פּ ב ט ד פּ וו ס ז ק ג ש זש צ דז כ ה י.
2. פּ ט פּ ב ד ס ק ש וו ז.
3. ב ד וו פּ ט ז ג זש פּ ס דז ה י ק ש.
4. ט ב ד פּ ז ג ש ב וו.
5. ד פּ ט ב פּ ס וו ק ש ז צ.
6. ט ד ל ס ז מ ק ג נ ש זש ר.

**אופגאַבע 2.** דערוויַיזט. אז די גראַמענ זיַינענ דאָ ניט גאָר קיַינ פּינקטלעכע.

אנ אופשטאַנד אפ וויַיניקע פעלדער געשעט,—
טראָגט זיכ טרובא אפ דעמ שטאָל ווי א שעד!
פאַרויכערט די שטוב אונ פאַרסאַזשעט די נאָז,—
שמייכלט מיט וויַיסינקע צייג דער מאַטראָס.
סיגנאַל נאָכ סיגנאַל אפנ גאַנצינקנ וועג,
א שמעק אונ א שנאָרכ דעמ וואָקזאַל אונ—אוועק!
(מארקיש).

דאָרט באַמ גרענעצ, דאָרט באַמ פעלד
שטייענ יאַטנ אויסגעשטעלט;
קיינמאָל דאָרשטיק, קיינמאָל מיד
שטייענ יאַטנ אונ מע היט.

— — — — — — —

ווער א יאַט איז, דארפ זיַינ גרייט
אי פאַר טרויער, אי פאַר פריַיד! (אי. פעפער).

**אופגאבע 3.** קלייבט צו ענלעכע ניט־קיינ־פּינקטלעכע גראמענ צו פּאָלגנ־דיקע ווערטער:

באנק. שעפּ. אויג. ברענג. גרייט. ליד. קלייד. ווינט.

# אסימיליאציע (פונ דומפּע צו הילכיקע אונ פונ הילכיקע צו דומפּע).

**ארבעט 15.**

1)

| | | | |
|---|---|---|---|
| שרייבנ | שרייבער | שרייב | שרייבט |
| זינגענ | זינגער | זינג | זינג שוינ |
| ווייזנ | ווייזער | ווייז | ווייזט |
| פּרוּוונ | פּרוּווער | פּרוּוו | פּרוּווט |

1. באשטימט, וואָס פאר א קלאנגענ זײַנענ ב, ג, ז, וו. (הילכיקע צו דומפּע).
2. ווי הערנ זיי זיכ אינ די ווערטער פונ דער לעצטער רובריקע?
3. וואָס פאר א קאָנסאָנאנטנ גייענ נאָכ זיי אינ די ווערטער פונ דער לעצטער רובריקע?

2)

| | |
|---|---|
| גיי אָפּ | אָפּגיינ |
| ברענגענ צוריק | צוריקברענגענ |
| איר פּאָרט | פּאָרט גיכ |
| גיב אופּ | אופּגאבע. |

1. באשטימט, וואָס פאר א קאנסאָנאנטנ זײַנענ פּ, ק, ט, פ (הילכיקע צו דומפּע).
2. ווי הערנ זיי זיכ אינ די ווערטער פונ דער לעצטער רובריקע?
3. וואָס פאר א קאָנסאָנאנטנ גייענ נאָכ זיי אינ די ווערטער פונ דער לעצטער רובריקע?
4. מאכט אנ אויספיר, ווענ ווערנ זיכ הערנ די הילכיקע; ווי דומפּע, אונ די דומפּע—ווי הילכיקע.

**אויספיר:** ווען די הילכיקע קאָנסאָנאַנטן שטייען פאר א דומפן קאָנסאָנאַנט (ער מעג זײַן פון א צווייטן וואָרט), מיט וועלכן זיי ריידן זיך ארויס אינײנעם, ריידן זיי זיך ארויס דומפּ.

ווען די דומפּע קאָנסאָנאַנטן שטייען פאר א הילכיקן קאָנסאָנאַנט (ער מעג זײַן פון א צווייטן וואָרט), מיט וועלכן זיי ריידן זיך ארויס אינײנעם, ריידן זיי זיך ארויס הילכיק.

דידאָזיקע דערשײַנונג ווערט אָנגערופן **אַסימילאַציע** פון הילכיקע צו דומפּע און פון דומפּע צו הילכיקע.

קעדיי פעסטשטעלן וואָס פאר א קאָנסאָנאַנט דארפן מיר שרײַבן, דארף מען דעם וואָרט אומבײַטן אזוי, אז נאָך דעם קאָנסאָנאַנט זאָל קומען א וואָקאַל, איינער פון די קלאַנגען ל, מ, נ, ר, אָדער דערדאָזיקער קאָנסאָנאַנט זאָל אויס־קומען אין סאָף וואָרט צ. ב. וועבט—וועבן—וועבער—וועב.

**אופגאבע** 1. דערקלערט, פארוואָס קלינגען די אויסגעטיילטע הילכיקע אזוי דומפּ.

קלינגט אין די גלאָקן פון אופשטאנד. שרײַט און שוועבט דער שטורעם־פויגל. דער זייגער ווײַזט נײַן. די מוטער וויגט דאָס קינד און זינגט אים צו דערבײַ. דער גלעזער גלאָזט אָן די שויב. צ. אר. ק. באזאָרגט די שטאָט מיט האָלץ. און ער גראָבט אלץ טיפער, טיפער, ווארפט די ערד ארויס. עך, האָט מען אמאָל געיאָגט!—האָט א גראָבער שטיל געזאָגט. זינגט דער פויגל פרײַ און פריילעך. פעלד אין קימפעט ליגט און דעכעט, ס'טראָגט די טוווע הויכע און העכער. פון הויכן דאך ביז ווייכן דיל איז איצט צעלייגט דאָ אונדזער ווינונג.

**אופגאבע** 2. דערקלערט פארוואָס קלינגען די אויסגעטיילטע דומפּע אזוי הילכיק.

די קליידער נאס, די אויגן אויסגעלאָשן. מיד, ניט אויסגעשלאָפן, גייט ארום די פרוי. איר, אָפּגעריסענע, דאָ אָפּגעשליסענע, שטייט איר פאר מיר. זיי האָבן פון דאָרטן מיט אנגסט און מיט לײַדן ארופגעבראכט פעלזן פארכווישעכטע, שווארצע און האָבן געגומען זיי ווארפן אין אָפּגרונט. איך האָב זיך אופגעכאַפּט אין מיטן נאכט. כ'האָב שוין אופגענייט א זעקל, אָפּגעשערט דעם קאָפּ. מיר ליגן אויסגעצויגן צונויפגעפרעסטע אפן קאלטן דיל. איז די בײַטש אראָפּגעפאלן צו דער ערד, אָפּגעלאָזט, איינגאנצן גייט אליין דער פערד. אָי, דאָס פליען אופּ און וויכערן אפ לענדער פון דײַן שווארצן אָדלער אויסגעפליקטע פעדערן. האָבן מיר א קלוב פאר זיך שוין אויסגעראמט און אויסגערייניקט.

**אופגאבע 3.** באשטימט ווו דארפט איר אריינשטעלן א „ג" און ווו א „ק".

פארטאָג האָט געפּוי—ט מיט הארמאטן (רעז). און פון שטאָט צו די בערג האָבן יונגע דעם ייִנ—סטן געשי—ט (רעז). קו—ט קאָמאנדיר אפן פישער (פינינ.). נאָר אף שטרעקעס, אף גרויסע צום קרעמעל זיך טראָ—ט א יעדיע (פינינ.). האָט דער שטורעם געיאָ—ט און געווייט און די שטיבלעך געדרייט (פעפ.). אף א פעלד פון שטילן האָבער האָט געפּייִני—ט אונדז די רו (שאפּ.). עס רייַסט, עס זינ—ט און ס'הילכט לייַכטע בלעכן (כאר.). יעדער אָוונט זינ—ט דער פעטער פּיניען לידער (כאר.). פון הויכן דאך ביז ווייכן דיל איז איצט צעלייִ—ט דאָ אונדזער וווינונג (כאר.). קלאפּט א שרעק און ווי—ט זיך אום אין הארצן, ס'האָט אף שטאָט זיך אָנגערו—ט א שרעק (כאר.).

צ. ב. געפּוי—ט, פּויקן, פּויקער. זינ—ט, זינגען, זינגער.

**אופגאבע 4.** באשטימט ווו דארפט איר אריינשטעלן א „ב" און ווו א „פּ"

און העכער קלא—ט איר דאָס הארץ (קאה.). האָבן יונגע פארגלוי—טע פארלאָזט זיך אף עלטסטע (קאה.). ליי—קייט! אוי, מייַן לי—ס, ניט טרויער (קוו.)-האָט גאס מיט אופּרופן באקלע—ט זיך (פיש). קלייַ—ט מען זיך אין וועג קיין מאָסקווע (האל.). שטייט דאָרט א פּאלאץ צעשטוי—ט און צעשטערט (כאר.). הייַנט ווערט געשטע—ט און גענייט (פּ.). גענוג שוין צו זייַן די בארוי—טע! גענוג שוין צו זייַן די גענאַרטע (באָווש.). אים טרייַ—ט דער דראנג פון פּאָלקס. פארלאנג צו לעבן און געניסן (באָווש.). גלוי—סטו נאָך אלץ ניט? דו דארפסט, קאָמאנדיר, דען נאָך מערער (פינינ.).

**אופגאבע 5.** באשטימט ווו דארפט איר אריינשטעלן א „ז" און ווו א „ס"

האָבן יונגע פארגלויבטע פארלאָ—ט זיך אף עלטסטע (קאה.). און ס'גיי—ט זיך אָן דאָס הארץ (האל.). צייַטיקט איצט א פעלד און גיי—ט זיך אָן מיט קרעפטן (כאר.). ער קעמפט אין פעלד, א יונגער העלד, ער וויי—ט ניט פון קיין אלטקייַט (באווש.). ער רייַ—ט מיט רייד דעם שיינעם קלייד פון פאלשקייַט און פון ליגנס (באָווש.). אָפּגעלאָ—ט אינגאנצן גייט אליין דער פערד (לייוו.). ריגלט אוף פאר מיר די מאָרגנ־טויערן און וויי—ט אריין אין זייער ווייַט (קוו.). שפּילט און גיי—ט זיך א הארמאָשקע, גיי—ט זיך, פליטערט, פלי—ט זיך, ציטערט (קוו.). איז וורַאנגעל פון קרים אנטלאָפן בערג און יאם פארלאָ—ט (פעפ.). און ס'גיי—ט זיך אָן א פוי—ט א יונגער און א שטארקער (כאר.).

**אופגאבע 6.** דערקלערט, פארוואָס הערן זיך די אויסגעטיילטע דומפע אזוי הילכיק.

האָט אף ערדן אופגעשייַנט דייַן פינעפשפּיציקער, דייַן גיצאָכנדיקער, פייַער-דיקער שטערן (קושנ.) און ס'בענטשט זיי רויטע פאָן מיט אופגאנג און מיט פלאטער (קוו.) כ'וועל אופגיין אף פאָנען צעזינגענ!—געוויטער (רעז.). האָט

אָפּגעבערענט שקיִע אינ ווײַטנ, איז פינצטער געוואָרנ (פּינינ.). דאָרט באַמ גרענעצ, דאָרט באַמ פעלד שטייענ יאַטנ אויסגעשטעלט (פעפּ.). געוועג אמאָל אנ אויס־בראָכ אונ א ווייטיק (כאר.). האָט פולוועד אופגעריסנ לאַנד אונ וועג (פּיש). ציִענ וועגנ אופגערעגטע זיכ אפ סטעפּ (פּיש).

# צונויפגוס פונ אלציינע קאָנסאָנאנטנ אונ אסימיליאציע פונ ענלעכע קאָנסאָנאנטנ.

## ארבעט 16.

1) א שניט טאָנ. איכ שעמ מיכ. דער רעטעכ. פאר ראָכלענ. מיט טיי.

וויפל קאָנסאָנאנטנ הערנ מיר, ווענ עס באגעגענענ זיכ צוויי אלציינע קאָנסאָנאנטנ?

2) אראָפּברענגענ. אָפּבעטנ. אויסזענ. אויסזיצנ. אוועקגיינ. אוועקגעבנ, שמידט. בינדט.

1. וויפל קאָנסאָנאנטנ הערנ מיר דאָ?
2. וועלכע קאָנסאָנאנטנ האָבנ זיכ דאָ באגעגנט?
3. רעדיקלערט, פארוואָס הערט זיכ דאָ נאָר איינ קאָנסאָנאנט אונ דאפקע דער לעצטער (אפנ סמאכ פונ אסימיליאציע פונ א דומפנ צו א הילכיקנ אונ פארקערט).

**אויספיר.** ווענ עס באגעגענענ זיכ צוויי אלציינע קאָנסאָנאנטנ (א שניט+טאָנ) הערנ מיר נאָר איינעמ. דידאָזיקע דערשײַנונג הייסט צונויפגוס פונ אלציינע קאָנסאָנאנטנ.

ווענ עס באגעגענענ זיכ צוויי ענלעכע קאָנסאָנאנטנ, וועלכע שיידנ זיכ אונטער לויט דער הילכיקייט (ס+ז א. ד. ג.) הערנ מיר אויכ נאָר איינעמ דאָס דערקלערט זיכ מיט דעמ, וואָס דער ערשטער ווערט אסימילירט צומ צווייטנ אונ גיסט זיכ צונויפ מיט אימ (אויסזאָגנ = אויזזאָגנ = אויזאָגנ).

**אופגאבע 1.** צו די פאָלגנדיקע ווערטער שטעלט צו יעדער מאָל אנ אנדער וואָרט, עס זאָל זיכ באקומענ א צונויפגוס פונ אלציינע קאָנסאָנאנטנ (פּאַריידנ).

| | | | |
|---|---|---|---|
| אראָפּ ........ | אָנ ........ | פאנאנדער ........ | דורכ ........ |
| ארויס ........ | אײַנ ........ | ארײַנ ........ | ארופ ........ |
| איבער ........ | ארומ ........ | אויס ........ | דער ........ |
| אונטער ........ | מיס ........ | צוזאמענ ........ | אָפּ ........ |
| פאר ........ | צוריק ........ | צונויפ ........ | אופ ........ |

**אופגאבע 2.** צו די פאָלגנדיקע ווערטער שטעלט יעדער מאָל צו פונפאָרנט וואָרט, וואָס זאָל באַמ פארייניקנ זיכ געבנ א צונויפגוס פונ אלציינע קאָנסאָנאנטנ.

ריידנ. פאָרנ. נעמענ. קערנ. רעכענענ. פאטערנ. נארנ. קומענ. פלאקערנ. ריגלענ. מארשירנ. פליִענ. ראשנ.

# טראָפּ.

## אַרבעט 17.

פּאר | גיינ, | | אָפּ | גיינ, | | אָפּ | גע | גאנ | גענ.

1. לייענט מיט דער פולער שטימ, אָפּקלאפּנדיק מיט דער האנט דעמ טאקט.
2. אינ וויפל טאקטנ קענט איר איבערלייענענ יעדערנ פונ די אויבנאָנגעוויזענע ווערטער?
3. לייענט די ווײַטערדיקע פערזנ אונ טיילט אָפּ צווישנ איינ טאקט אונ דעמ אנדערנ מיט א פּאס (זע אויבנ).

... זינגענ מיר דאָ קאמפּ,
מיר זינגענ זיג־געזאנגענ;
דער רופ צו קאמפּ מוז יעדער לאנד דערלאנגענ!
צו יעדער לאנד איז גרוס פונ זיג דערגאנגענ!

(קוויטקאָ).

4. באטראכט צי איז די צאָל קלאנגענ אינ יעדער טאקט גלײַכ.
5. וויפל וואָקאלנ האָבנ מיר אינ דעמ ערשטנ וואָרט, אינ דעמ צווייטנ אונ אינ דעמ דריטנ? אונ אינ וויפל טאקטנ האָבנ מיר איבערגעלייענט יעדערנ פונ דיזעלבע ווערטער?

**אויספיר.** ווענ מיר ריידנ, לאָזנ מיר ניט ארויס דעמ לופט־שטראָמ מיטאמאָל, נאָר שטויסנווײַס. אייניקע ווערטער פאָדערנ איינ שטויס, די אנ־דערע—צוויי, דרײַ אונ מער. א קלאנג אָדער א גרופּע קלאנגענ, וואָס קענ ארויסגערעדט ווערנ אינ איינ שטויס, ווערט אָנגערופנ **טראָפּ**.

די צאָל טראפּנ מעסט זיכ אויס מיט דער צאָל וואָקאלנ. וויפל וואָקאלנ—אזויפיל טראפּנ [1].

## וועגנ „ל“ אונ „נ“, וואָס קענענ בילדנ א טראָפּ.

## אַרבעט 18.

איבער שטעט אונ דערפער גייענ שווארצע וואָלקנס—
פאָרנ אפּ די פראָנטנ בלאָנדע קאָמסאָמאָלקעס.
א ציגאר אינ ליפּנ, אפּ דער זײַט דאָס היטל—
בלאָנדע קאָמסאָמאָלקעס פונ דערפל אונ פונ שטעטל.

(פעפער).

1. לייענט מיט דער פולער שטימ, אָפּקלאפּנדיק מיט דער האנט דעמ טאקט.
2. וויפל טראפּנ האָבנ מיר אינ דעמ וואָרט „וואָלקנס“ (1־טע שורע). אונ וויפל וואָקאלנ?
3. וויפל טראפּנ האָבנ מיר אינ דעמ וואָרט „היטל“ (3־טע שורע), אונ וויפל וואָקאלנ?
4. שטרײַכט אונטער אלע טראפּנ, וואָס האָבנ אינ זיכ ניט קײַנ וואָקאל.

[1] זע די קומענדיקע ארבעט.

**אויספיר.** עס זײַנען פאראַן טראַפּן אָן וואָקאַלן. דער „ל“ און „נ“, אויב פאַר זיי און נאָך זיי איז ניטאָ קײַן וואָקאַל, בילדן זיי אַליין מיטן קאָנסאָנאַנט, וואָס פאַר זיי, א טראַפּ. אַזוינע פאַלן ווערן זיי אָנגערופן **טראַפּבילדנדיקע.**

**אויפגאַבע 1.** שטרײַכט אונטער די טראַפּבילדנדיקע „ל“ און „נ“ מיט צוויי שטריכן און די ניט־טראַפּבילדנדיקע מיט איין שטריך. לייענט טראַפּנווײַז:

אונטער פענדל אונטער רויטן,
זאַטע הענט און זאַטע טריט,
אַף די פעלדער זינגען ברויטן
— א געראַטעניש אין סטעפּ.

ווער ס'איז דאָ אַמאָל געגאַנגען,
האָט פאַרזייט דאָ זײַנע טריט,
ווארטן ברוסטיק יענע זאַנגען
אָפּן יאָנטעוודיקן שניט.

אין אַראָפּעט פון געלעגער
און אַרויסט פון אונטער פלויט!
— יידן פאָרן מיט די וועגענער,
און מע פירט דאָס נײַע ברויט.

ערגעץ־ווו דערציילן ברויטן
פונעם שטעטלדיקן שלעפּ,
טאַנצן הינער אַף די פלויטן:
א געראַטעניש אין סטעפּ.

(אי. פעפער).

**אויפגאַבע 2.** שרײַבט אַראָפּ פון דער פריערדיקער ליד אין באַזונדערע רובריקעס איינטראַפּיקע, צווייטראַפּיקע און מערטראַפּיקע ווערטער.

**אויפגאַבע 3.** אָרגאַניזירט א שפּיל אין איינטראַפּיקע ווערטער. איינער גיט א וואָרט, ענטפערט דער אַנדערער מיט א צווייטן וואָרט, וואָס הויבט זיך אָן מיטן לעצטן קלאַנג פון דעם פריערדיקן וואָרט, ענטפערט ווידער דער ערשטער מיט א וואָרט, וואָס הויבט זיך אָן מיטן לעצטן קלאַנג פון דעם צווייטנס א. א. וו. צ. ב.—טיש,—שאַ,—אַן,—ניין א. א. וו. יעדער וואָרט קען מען באַנוצן נאָר איין מאָל. עס פאַרשפּילט דער, וועלכער קען שוין ניט צוקלײַבן קיין ווערטער.

דיזעלבע שפּיל קען מען וואַריירן אויך אַף צווייטראַפּיקע און מערטראַפּיקע ווערטער.

מיט צווייטראפיקע און מערטראפיקע קען מען אָרגאניזירן א צווייטע שפיל. איינער גיט א טראַפ, דער אנדערער דארף צוגעבן צו דעם טראַפ נאָך א טראַפ, אזאַ, וואָס צוזאמען מיטן פריערדיקן זאָל ער געבן א צווייטראפיקן וואָרט. צ. ב.: פענ—כער,—רע—טער,—כא—ווער א. א. וו.

# וואָרט-אקצענט.

## אַרבעט 19.

הינטערן פענצטער שפאנט אום א וועכטער,
שפאנט אום א וועכטער אין הילכיקן שפאַנען,
שפאנט ער דער וועכטער אין ווייסן געלעכטער,
אין ווייסן געלעכטער פון ווייסע בוראנען.

שארפע מעטעליצעס און שנייען־זאַווייען
האָבן פאַרשאָטן שוין אַלץ, וואָס געווען דאָ,
זיינען אין שטעטל פאַרבליבן נאָר צווייען,
זי—און דער שטורעם, דער ווייסער, וואָס בלענדט דאָ.

(כאריק).

1. לייענט באזונדער יעדער וואָרט פון די אויסגעטיילטע.
2. שטרייכט אונטער אין יעדערן פון די אויסגעטיילטע ווערטער דעם טראַפ, וואָס רעדט זיך שטארקער ארויס.
3. צי קען מען זאָגן, אז אין וואָרט ריידן זיך ארויס אַלע טראַפן מיט איין און דערזעלבער שארפקייט.

**אויספיר.** אין א וואָרט, וואָס באַשטייט פון עטלעכע טראַפן, ווערט איינער פון די טראַפן ארויסגערעדט שטארקער און שארפער פון די איבעריקע. דידאָזיקע פארשטארקונג ווערט אָנגערופן **וואָרט־אַקצענט.**

**אויפגאַבע 1.** קלייבט אויס א פראגמענט פון א וואָסער־ניט־איז דערציילונג און באַשטימט דעם וואָרט־אקצענט פון די ווערטער, וואָס האָבן מער ווי איין טראַפ—מיטן צייכן ׳ אפן וואָרט.

**אויפגאַבע 2.** לייענט איבער אויבן וועגן לאָגישן אקצענט. מאכט פאר זיך קלאָר דעם אונטערשייד צווישן לאָגישן אקצענט און וואָרט־אקצענט. שטרייכט אונטער אין די פאָלגנדיקע פראזעס די וואָרט־אקצענטן פון די ווערטער מיטן צייכן ׳ און די לאָגישע אקצענטן מיטן צייכן ‿ .

די רויטע ארמיי שטייט אפ דער וואך פון אונדזער לאנד. מיר דארפן זאָרגן פאר דער רויטער ארמיי.

מיר גייען אין א סאָציאַליסטישן געוועט מיט דער צענטער שול. דער סאָציאַליסטישער געוועט איז די פאָרמע פון סאָציאַליסטישער באַציונג צו ארבעט. מיר קעמפן קעגן יעדער שאָוויניזם. מיר בויען אונדזער לאנדווירטשאפט אפ קאָלעקטיוויסטישע יעסוידעס. מיר דארפן אינדוסטריאַליזירן דאָס לאנד. פאר־שטארקט דעם צוזאמענשלוס פון דאָרף און שטאָט.

# III. וועגן דעם אינהאַלט פון וואָרט

## אפיקסן—סופיקס, פּרעפיקס. וואָרצל.

**אַרבעט 20.**

(1

| | | | |
|---|---|---|---|
| טיש | פיש | פינגער | צימער |
| טיש—ל. | פיש—ל. | פינגער—ל. | צימער—ל. |

1. צי ענדערט זיך דער גרונט־אינהאַלט פונעם וואָרט, אויב איך וועל זאָגן אָנשטאָט „טיש“—„טישל“ א. א. וו.?

2. מיט וויפל ווערטער קענט איר איבערגעבן דעם אינהאַלט פון די ווערטער אין דער אונטערשטער ריי? (טישל=קליינער טיש א. א. וו.).

3. וואָסער טייל וואָרט האָט אַרײַנגעבראַכט אין די ווערטער דעם אינהאַלט פון פאַרקלענערונג?

| | | |
|---|---|---|
| גאַנג | גאַנג | גאַנג |
| אַרײַנ־גאַנג | דורכ־גאַנג | אופ־גאַנג |

1. וועלכער טייל טראָגט דאָ אַרײַן א צווייטן אינהאַלט צו דעם גרונט־אינהאַלט פון די ווערטער?

**אויספיר.** דער טייל פון וואָרט, וואָס גיט איבער דעם גרונט־אינהאַלט, הייסט **וואָרצל**, אָדער **שטאַם** (טיש־ל. צימער־ל).

די טיילן, וואָס שטעלן זיך צו צום וואָרצל (אָדער שטאַם) און גיבן צו צום גרונט־אינהאַלט נאָך א בײַ־אינהאַלט, הייסן **אפיקסן**. (פיש־ל, **אופ**־גאַנג).

אפיקסן, וואָס שטעלן זיך צו צום וואָרצל (אָדער שטאַם) פונפאָרנט, הייסן **פּרעפיקסן** (**צו**־גאָב, **אופ**־גאָב א. אנ.).

אפיקסנ, וואָס שטעלנ זיכ נאָכנ וואָרצל (אָדער שטאמ), הייסנ סופיקסנ (פיש־ל, רויט־לעכ א. אנ.).

**אופגאבע** 1. אינ די פאָלגנדיקע ווערטער טיילט אָפּ די פרעפיקסנ אונ סופיקסנ פונעמ וואָרצל אונ באשטימט, וועלכע פונ זיי זײַנענ פאָרמיקע אונ וועלכע זײַנענ וואָרצלדיקע ווערטער.

שימל, שימלענ, פאַרשימלט. גײַסט, פאַרגייג, גיינ, גיי, שרײַבער, שרײַבט, ארײַנשרײַבנ, שרײַב, ווײַסער, ווײַסלעכ. ווײַסקײַט, ווײַס, טיילכל, אָפּטייל, טייל־חײַז, אָפּטיילונג, טייל. רויכיק, רויכ, רויכער, לאָזנ, אָפּלאָזנ, ארויסלאָזנ, לאָז.

**אופגאבע** 2. געפינט דעמ וואָרצל פונ די פאָלגנדיקע ווערטער:

שטילקײַט, שטילער, אײַנשטילנ; ——→ אלגעמיינער וואָרצל—שטיל.
אָנהויב, הויבנ, געהויבענער; ″ ″ —
פארדינגענ. דינגענ, באדינגונג; ″ ″ —
פאָרזיצער, זיצונג; ″ ″ —
אויסנעמ, פארנעמ; ″ ″ —
צײַטונג, צײַטיק; ″ ″ —
שטימענ, אײַנשטימיק, שטימונג; ″ ″ —
אויסגעצייכנט, צייכענונג, פארצייכענענ; ″ ″ —
אָפּהאלטנ, האלטנ, געהאלטנ; ″ ″ —
באצאָלנ, געצאָלט, אָפּצאָל; ″ ″ —
אָפּשטאמונג, שטאמענ; ″ ″ —
וואָרצלדיקער, אײַנוואָרצלענ; ″ ″ —

**אופגאבע** 3. שאפט פונ די פאָלגנדיקע וואָרצלענ ווערטער מיט סופיקסנ אונ פרעפיקסנ.

יאָג, קלעפּ, דעק, קריג, יונג, וויקל, רופ, שטיק, שפּיצ, וויג, ברענ, טומל.

**אופגאבע** 4. בילדעט אויס ווערטער מיט דער הילפ פונ די פאָלגנדיקע סופיקסנ.

—ווײַז, —לעכ, —ל, —ענ, —ונג, —קײַט, —הײַט.
—הייט, —נ, —ער, —שאפט, —ערײַ, —יזמ, —יסט.

**אופגאבע** 5. בילדעט אויס ווערטער מיט דער הילפ פונ פאָלגנדיקע פרע־פיקסנ.

בא—, אָפּ—, אנט—, אויס—, צו—, דער—, איבער—, פאר—, גע—, אראָפּ— אונטער—, ארופ—, נאָכ—.

**אויפגאבע 6.** פארטײַטשט די אויסגעטײלטע סופיקסנ אינ פרעפיקסנ מיט אנדערע ווערטער אונ פרעפיקסנ, צ. ב. געפער-לעכ = ברענגט געפאר, פול מיט געפאר; הילצ-ענער = געמאכט פונ האָלצ; אנט-זאגנ = אָפּ-זאָגנ.

קאָלווירט-ניק, זײַ גרייט צו דער זיי-קאמפאניע! דער קאָלווירט נויטיקט זיכ אינ טראקטאָר-יסט-נ. קריגערײַ אונ רעכילעס איז שעד-לעכ פאר יעדער קאָלעקטיווער ארבעט.

מאכנעס-ווײַז קומענ אָנ די פייגל מיטנ פרילינג. דער פײַערלעשער האָט אָפּ-געגאָסנ די הויז מיט וואסער. די שיסל איז פול מיט יויכ, מע דארפ אביסל אָפּ-גיסנ. וואָס האָט איר זיכ אזוי צע-זונגענ? מיר האָבנ באקומענ א גאנצנ פאק אלט-ווארג פארנ אוטיל-פאָנד. טרינקענ אומ-רייניקע וואסער איז אומ-געזונט. דו וועסט זיכ אופהערנ אומ-דרייענ אונטער די פיס?! איכ וועל הײַנט אומ-בײַטנ מײַנ ביכל אינ ביבליאָטעק. דער הימל האָט זיכ באַ-דעקט מיט וואָלקנס. דער רעגנ וועט באַ-נעצנ די פעלדער.

**אויפגאבע 7.** דעם אינהאלט פונ די ווערטער, וואָס שטייענ אינ די קלאמערנ, גיט איבער דורכ איינעם פונ די אונטנאָנגעוויזענע סופיקסנ, צ. ב. (ווענ איכ בינ געווענ א) קליינער = קליינער-הייט

(ווענ איכ בינ געווענ א) קינד =
(א ביסעלע) ווײַס =
(די צײַט, ווענ מע איז א) קינד =
(דער מענטש, וואָס) ארבעט =
(איינ טייל פונ א זאכ, וואָס מע האָט צעטיילט אפ) זעקס =
(איינ טייל פונ א זאכ, וואָס מע האָט צעטיילט אפ) אכט =
(דער, וואָס שפילט גוט אינ) שאכמאט =
(די מעלאָכע, מיט וועלכער עס פארנעמט זיכ דער) שנײַדער =
(ווענ איכ וועל זײַנ א) גרויסער =
(די מעלאָכע, מיט וועלכער עס פארנעמט זיכ דער) סטאָליער =
(דער, וואָס באזיצט) קאפיטאל =
(די לערע, וועלכע עס האָט געגעבנ דער כאווער) לענינ =
(דער, וואָס גייט אינ די וועגנ פונעם כאווער)-לענינ =
(ער רעדט צו מיר (ווי א) כאווער =
דער גראפינ איז (געמאכט פונ) גלאָז =
דער רייפ איז (געמאכט פונ) אײַזנ =
(אלצ, וואָס וואקסט אפ א) גאָרטנ =
מיר זײַנענ דערצויגנ (ווי עס פאסט פאר א) קאָמוניסט =

—הייט, —לעכ, —ווײַז. —הײַט, —ער, —של, —ײַ, —יסט, —יזמ, —יש, —ענער, —ערנער, —עכ, —ווארג.

# וויִפל סופיִקסנ אונ וויִפל פרעפיִקסנ קענ האָבנ א וואָרט.

**אַרבעט 21.**

### סופיִקסנ.

| ארבעט | רויכ |
|---|---|
| 1<br>ארבעט־ער | 1<br>רויכ־יק |
| 2 1<br>ארבעט־ער־קע | 2 1<br>רויכ־יק־לעכ |
| 3 2 1<br>ארבעט־ער־קע־ס | 3 2 1<br>רויכ־יק־לעכ־ער |

### פרעפיִקסנ.

| ארבעט | וואָרט |
|---|---|
| 1<br>גע־ארבעט | 1<br>דער־וואָרט |
| 2 1<br>אָפּ־גע־ארבעט | 2 1<br>אומ־דער־וואָרט |

1. באמערקט די צאָל סופיקסנ אונ פרעפיקסנ אינ די ווערטער.

**אויספיִר.** אינ איינ וואָרט קענעג זײַנ אויכ צוויי פרעפיקסנ אונ דרײַ אונ מער סופיקסנ.

**אויפגאַבע 1.** מאכט בא זיכ אינ העפט אזא טאבעלע:

| פרעפיקס | | וואָרצל. | סופיקס | | |
|---|---|---|---|---|---|
| I | II | | I | II | III |
| אָפּ | גע | [illegible] אנ | ענ | קײַט | |
| | איבער | ייִד | נ | | |

צעשטעלט די פאָלגנדיקע ווערטער לויטנ באשטאנד אינ די רובריקעס פונ דער טאבעלע. איב עס וועלנ זיכ צונויפגיסנ אלצײַנע קאָנסאָנאנטנ, שטעלט דעמ אָס אפנ גרענעצ פונ די רובריקעס (זע איבעריידנ),

צײַנדלעכ. וואָליקעס. אײַליקער. שטויביקער. הונדערטער. אראָפּגעפאלנ. שנייִ. פארויכער. פאָרהאנגענ. פארטאָגיקער. אויסגעקעמפט. זומערדיקער. אויפגעגאנגענ. שיטערלעכ. צוריקערנדיקער. איבערראשנדיקער. צונויפלעכטנ. שנײַדערקעס. פארשמאכטער. ארבעטערקע. פרוכטבארער. שטעטלדיקער. דאָרפישער.

# דער בײַט פונ וואָקאלנ אונ קאָנסאָנאנטנ.

## אַרבעט 22.

דער שוסטער זי̇צט אונ ארבעט.
די מוטער לייגט דאָס קינד שלאָפנ.
דער שנײַדער שנײַדט מיט א שער.
איכ שרײַב נאָר מיט דער רעכטער האַנט.

דער בעקער זעצט דעמ ברויט אינ אויוונ.
דאָס קינד לי̇גט אונ שלאָפט.
דער שני̇טער שנײַדט מיט א קאָסע.
אונ דו שרײַבסט מיטביידע הענט.

1. צי קענ מענ זאָגנ, אַז דער גרונט־אינהאלט פונ „שנײַדער" אונ „שניטער" איז פארשײדנ?
2. צי קענ מענ פארבײַטנ איינעמ אפנ אנדערנ?
3. פארגלײַכט דעמ קלאנגענ־באשטאנד פונ די אויסגעטיילטע ווערטער פונ דער רעכטער אונ לינקער זײַט אונ זאָגט, וואָס האָט דאָרט ארײַנגעטראָגנ דעמ בײַ־אינהאלט.

**אויספי̇ר.** אכוצ פרעפיקסנ אונ סופיקסנ טראָגט אָפט ארײנ אינ וואָרט א בײַ־אינהאלט אויכ דער בײַט פונ וואָקאלנ אונ קאָנסאָנאנטנ פונעמ וואָרצל, צ. ב. זי̇צנ—זעצנ, הײס—הי̇צ א. אנ.
VV VV V V

א וואָרט אינ וועלכנ מע קענ אויסטיילנ א פרעפיקס צי א סופיקס, אָדער ער האָט אינ זיכ א וואָקאלנ־אונ קאָנסאָנאנטנ־בײַט, איז א **פאָרמיקער וואָרט** (אָפ־זאָג, פינגער־ל, העכט, הי̇צ א. אנ.).

א וואָרט, אינ וועלכנ מע קענ ניט אויסטיילנ קיינ פרעפיקס, קיינ סופיקס אונ ער האָט אינ זיכ ניט קיינ וואָקאלנ־ אונ קאָנסאָנאנטנ־בײַט, איז א **וואָרצל־דיקער** אָדער **ניט פאָרמיקער וואָרט** (שול, בוכ, גוט א. אנ.).

באמערקונג. אײנ וואָרט קענ האָבנ אלע דערשײַנונגענ אינאיינעמ (פרעפיקס, סופיקס, בײַט פונ וואקאלנ אינ קאָנסאָנאנטנ), צ. ב. שנײַד— גע־שניט־נ, שמײַס—גע־שמיס־נ.
V V VV V

**אופגאבע 1.** ווײַזט אָנ דעמ וואָקאלנ־בײַט, וועלכער איז מעגלעכ אינ פאָלגנדיקע ווערטער:
שפרינגענ, לויפנ, טרײַבנ, האָנ, קאָרב, פלאָקנ, הויט, גרוב, זאמד, פאָנעמ, טאָכטער, גאנג, בארג, מויז, גיסנ, זידנ, קלינגענ, הענגענ, צ. ב. לויפנ—גע־לאָפ־נ א. א. וו.

## אַרבעט 23. צונויפזאצנ.

אינ די גאסנ צו די מאסנ
פונ געדריקטע פעלקער, ראסנ
רופט דער פרײַהײַט־גײַסט:

איכ ברענג וואפנ פאר דעמ שלאכט,
איכ באפרײַ די ארבעט־שקלאפנ
אונ איכ מאכ זיי דרייסט.
(הינמשעוסקי).

1. וויפל וואָרצלענ איז דאָ אינ יעדערנ פונ די אויסגעטיילטע ווערטער?
2. גיט איבער דעמ אינהאלט פונ יעדער אונטערגעשטראָכענעמ וואָרט מיט עטלעכע ווערטער.

**אויספי̇ר.** א וואָרט, אינ וועלכנ מי̇ר קענענ אויסטיילנ צוויי וואָרצלענ אונ מער, ווערט אָנגערופנ **צונויפזאצ**. א צונויפזאצ האָט אינ זיכ צוויי גרונט־אינהאלטנ.

די טיילנ פונעמ צונויפזאצ קענ מענ שרײַבנ אינאיינעמ, אָדער באזונדער צונויפגעצויגנ דורכ א בינד־שטריכ (ראטנלאנד אָדער ראטנ־לאנד ארבעטמאנ אָדער ארבעט־מאנ).

**אופגאבע 1.** דעמ אינהאלט פונ די פאָלגנדיקע ווערטער גיט איבער אינ דער פאָרמע פונ צונויפזאצנ.

א טיש, אפ וועלכנ מע **שרײַבט** =
אנ **עפּל**, וואָס האָט זיכ געווייקט אינ **קוואָס** =
א מענטש, וואָס **גייט צופוס** =
דער, וואָס **אַרבעט ערד** =
א **פּלאַצ**, וואָס איז באשטימט צומ **שפּילנ** =
א **זאל**, וואָס איז באשטימט צומ **לייענענ** =
א **צימער**, אינ וועלכנ מע **עסט** =
א **שראנק**, אינ וועלכנ מע האלט **ביכער** =

**אופגאבע 2.** טראכט צו אלײנ א 10 צונויפזאצנ אונ טײלט אויס פונ יעדערנ פונ זיי זײַנע טײלנ. צ. ב. ווערטל־זאָגער = דער, וואָס **זאָגט ווערטלעך**.

**אופגאבע 3.** געפינט אונ שרײַבט ארויס פונ אײַער לייענ־ביכל א 10 צו־נויפזאצנ מיטנ בינד־שטריכ אונ א 10 אָנ אימ.

# אברעוויאציעס.

## ארבעט 24.

ראט פונ שטאָט = **שטאָטראט**
אַרבעט בא דער ערד = **ערדארבעט**
פעדאגאָגישער ראט = **פעדראט**
געזעלשאפט פאר ערד־אײַנאָרדענונג = **געזערד**

אלרוסלענדישע קאָמוניסטישע פארטיי פונ באָלשעוויקעס = **אלקפּ(ב)**.

1. באטראכט די צונויפזאצנ אונ זאָגט, צי איז דער באשטאנד פונ די וואָרצלענ אינ די צונויפזאצנ דער רעכטער, אונ לינקער זײַט אלצײנס.
2. ווי האָט זיכ באקומענ דער צונויפזאצ „אלקפּ(ב)“, צי איז פאראנ אינ אימ וואָרצלענ?
3. באטראכט, וואָס פאר א נוצנ ברענגענ די אלערלײ צונויפזאצנ דער שפּראכ.

**אויספיר.** די צונויפזאצנ „פעדראט“, „געזערד“ שיידנ זיכ אונטער פונ די צונויפזאצנ „שטאָטראט“, „ערדארבעט“ מיט דעמ, וואָס זיי פארמאָגנ אינ זיכ ניט קיינ פולע צוויי וואָרצלענ. איינ האלבער וואָרט איז א פולער וואָרצל (ערד, ראט) אונ דער אנדער האלבער איז נאָר א טייל פונ א וואָרצל (געז.—געזעלשאפט, פעד.—פעדאגאָגישער).

צונויפזאצנ, וואָס אינ זייער באשטאנד גייענ ארײַנ ניט קיינ פולע וואָרצלענ, אָדער זיי באשטייענ פונ די ערשטע אויסיעס (קלאנגענ) פונ די ווערטער, ווערנ אָנגערופנ **אברעוויאציעס**.

די צונויפזאצנ טראָגנ ארײַנ א גרויסע עקאָנאָמיע אינ דער שפּראכ.

אופגאבע 1. שאפט אברעוויאציעס פון פאָלגנדיקע ווערטער:

פאָלק־קאמיסאריאט פאר בילדונג. פאָלק־קאמיסאריאט פאר ערד. פאָלק־קאמיסאריאט פאר ארבעט. טעכנישער פערסאָנאל. צענטראלע קאָנטראָל־קאָמיסיע. ארבעטער־קאָרעספאָנדענט. צענטראלער אויספיר־קאָמיטעט.

אופגאבע 2. אין די פאָלגנדיקע זאצן שטרייַכט אונטער די צונויפזאצן און אברעוויאציעס און גיט זיי איבער מיט אנדערע ווערטער. אפן גרונט פון דעם דערוויַזט, וואָס פאר אן עקאָנאָמיע עס טראָגן ארייַן אין דער שפּראַך די צונויפזאצן און אברעוויאציעס.

מיט דער גאנצער קאָלווירט־ארבעט פירט אָן דער קאָלווירטצענטער. איינער פון די העכסטע אָנפיר־אָרגאנען פון דער פארטיי איז דער צעקא פון דער פארטיי. דער רייַ־אויספירקאָם האָט באשטימט בויען נייַע געבייַדעס פאר די דאָרפישע און שטעטלדיקע שולן. דער סאָצגעוועט האָט ארומגעכאפּט אלע געביטן פון ארבעט אין אונדזער לאנד. מיט די בילדונג־איניאָנים פירט אָן דער פאָלקאָמבילד.

האבן כעוורע אָפּגעשיקט די בריוו קיין כארקאָוו,
אין צ״ק פון ל. ק. י. פ. אזוי.
און הייסער זיך גענומען אפ די פעלדער צו דער ארבעט.
צ״ק וועט פילן זיי, צ״ק וועט זיי פארשטיין.

(כ. ווייַנערמאן).

# איין וואָרט, צי צוויי באזונדערע ווערטער.

## ארבעט 25.

### 1) א צונויפזאץ, צי צוויי באזונדערע ווערטער.

גיב מיר א פיי־גלאָז.
איך הויב אופ א מעל־זעק.
דאָס פאָדערט אן ארבעט־טאָג.

גיב מיר א גלאָז טיי.
איך הויב איפ א זעקל מעל.
דאָס פאָדערט א טאָג ארבעט.

1. צי קען מען זאָגן, אז דער אינהאלט פון די אונטערגעשטראָכענע ווערטער איז דערזעלבער אין דער רעכטער און לינקער זייַט?

2. וואָס איז מער בעריעשאפט: אופהויבן א זעקל מעל, צי א מעל־זעקל?

3. ווו קען מען דאָ צווישן די אונטערגעשטראָכענע ווערטער ארייַנשטעלן נאָך ווערטער, צ. ב., מיט, מיט הייזן, מיט וויַסע, שווערע, פון שווערער א. אז.

## 2) א פּרעפיקס, צי א באַזונדער וואָרט.

פאַרצייכענען האָט מיך דער לערער געלויבט.
באַרעכענען ברוכצאָלן האָב איך געמאכט א פעלער.
דורכשרייבן קען מען זיך פאַרבינדן מיט אַלע עקן וועלט.

איך וועל דאָס באַ זיך אין בלאָקנאָט פאַרצייכענען.
איך האָב דאָס בעשומויפן ניט געקאָנט באַרעכענען.
איך וועל זיך מיט מײַן כאַווער פון אמעריקע דורכשרייבן.

1. אין וועלכער זײַט קען מען נאָך „פאַר", „באַ", „דורך" אַרײַנשטעלן נאָך ווערטער, צ. ב. מײַן, מײַן גוטן, מײַן שטאַרקן, בריוו, אָפּט א. אנ.

## 3) א סופיקס, א טייל פון א וואָרט, צי אַ באַזונדער וואָרט.

פאַרנאַסע ציט ער פון שוסטערײַ.
גרייט ער דעם טיש.

איך ציטער פון קעלט.
איז דער טיש א גרייטער.

1. אין וועלכער פון די פראַזעס קענט איר דעם טייל „ער" איבערשטעלן פאַר דעם טייל, מיט וועלכן ער איז פאַרבונדן און דער אינהאַלט זאָל זיך ניט בײַטן?

**אויספיר.** אויב צווישן די טיילן קען מען אַרײַנשטעלן נאָך ווערטער (פאַר צייכענען—פאַר מײַן צייכענען; א זעקל מעל—א זעקל מיט מעל א. א. וו.), אָדער מע קען בײַטן די אָרדענונג פון די טיילן, און דער אינהאַלט זאָל בלײַבן דערזעלבער (פאַרנאַסע ציט ער—ער ציט פאַרנאַסע; גרייט ער צום טיש—ער גרייט צום טיש), איז א סימען, אז דאָס זײַנען צוויי באַזונדערע ווערטער. אין קעגנפאַל, איז דאָס איין וואָרט (איך וועל פאַרצייכענען, א טיי־גלאָז, איך ציטער—אומעגלעך אַרײַנצושטעלן ווערטער, אומעגלעך צו בײַטן די אָרדענונג).

**אויפגאַבע 1.** אפ דעם אָרט פון די פּילפּונקטן שטעלט „באַ", אמאָל אינאייבעם און אמאָל באַזונדער.

..........נעמען איז ער דאָ, ..........צאָלן איז ער ניטאָ. מוישל קאָן ..........נעמען די שווערסטע אופגאַבע. ..........צאָלן אַלגעבראַאישע קאָן מען צושטעלן צאָלן אריפמעטישע. מיר האָבן היינט ..........אַרבעט דעם מאַטעריאַל פון דער עקסקורסיע.
..........אַרבעט פון קאָנווייער אַרבעט מען אויס מער. א ..........רימעד איז גוט צו שלאָגן. ..........רימער קריגסטו מאַכשירים, מיט וועלכע מע אַרבעט אויס רימען.
..........עסן איז ער דאָ, ..........אַרבעטן איז ער ניטאָ. איך האָב זיך ניט געקאָנט ..........וועגן פון אָרט. כ'האָב ליב קלײַבן בלימלעך, וואָס וואַקסן ..........וועגן.
..........שליסן דעם סאָצאָפּמאַך זײַנען געוועזן פאָרשטייער פון פאַרשיידענע אָרגאַ־

ניזאציעס. מאָרגן וועלן מיר ......שליסן וועגן די באזונדערע פונקטן פון סאָצי־אָפּמאַך.

**אופגאַבע** 2. אפּן אָרט פון די פּילפּונקטן שטעלט „פאר", אמאָל איינעם און אמאָל באזונדער.

שוין צײַט ......שארן דעם זשאר אין אויוון. ......שארן שניי האָב איך באקומען צוויי רובל א טאָג. מיר וועלן ......שטארקן די ארבעט אין קאָלווירט. ......שטארקן ווידערשטאנד קעגן עקספּלואטאציע באשטראָפט מען אין די קאפּיטאליסטישע לענדער. ......קלאפּן אין וואנט ווערסטו באשטראָפט! איך וועל נאָר דעם טשוועק ......קלאפּן. ......קריכן ווהין מע דארף ניט, כאפּט מען איבער די הענט. אז מע הייבט אָן קריכן, קען מען ......קריכן אין בלאָטע. די סאָציאל־פארעטער ......שלאָגן די מויכעס פון די ארבעטנדיקע מאסן. ......שלאָגן א לערנייִנגל ווערט מען שטרענג באשטראָפט. ער האָט זיך ......שלאָגן אין א העק. ......זוימען פון גאָרטן-געוויקסן האָט דער קאָל־ווירט באקומען א פּרעמיע. די שניידערקע האָט זיך געזעצט צו דער מאשין ......זוימען א קלייד. ......קלעפּ די פענצטער. אײַ, ציטערט ער ......קלעפּ. ......צוים דעם גאָרטן. דאָס יונגע פערדל שרעקט זיך ......צוים און זאָטל. איך ......האס דעם קאָנטר־רעוואָליוציאָנער. ......האס פונעם קאפּיטאליסט שרעקט זיך ניט דער קאָמוניסט.

**אופגאַבע** 3. אפּן אָרט פון די פּילפּונקטן שטעלט „דער", אמאָל איינעם און אמאָל באזונדער.

דער רויטארמייער שטייט אף ......וואך. איך ......וואך, ווען ער שלאָפט אײַן. ......מאָן האָט זיך צעבליט. שטענדיק ......מאָן איך לעבנס געבאָטן. איך האָב ערשט ......פילט דעם טאם פון דער עקסקורסיע. ......פילט, אז ער הייס, און ......פילט, אז ער ווייס ניט. מע האָט מיר ......ציילט וועגן בירָאבידזשאן. ......ציילט די דורכגעלייענטע זײַטלעך, און ......ציילט די זײַטלעך, וואָס איז געבליבן צו לייענען. ......ציִער פון פאראָם האָט זיך פאר־מאטערט. אין קינדערהיים איז אָנגעקומען א נײַער ......ציִער.

**אופגאַבע** 4. אפּן אָרט פון די פּילפּונקטן שטעלט „ער", אמאָל איינעם און אמאָל באזונדער.

שטענדיק גייט ער אום א פארטראכט...... . וואָס טראכט......? א הונט איז א גוטער היט......, טרײַ היט...... זײַן באלעבאָס. דער כאַוער איד א געשיקט...... פון מאָסקווע, בעטסטו בא דעם ברודער א בוך, שיקט...... דיר. עדיסאָן איז א בארימט...... דערפינדער. וואָס בארימט...... זיך אזוי? דער ברויט איז ארויס פון אויוון א פארברענט...... . דער נאר, אז ער ווערט אינקאס, פארברענט...... די אייגענע הויז. אז דער קעכער איז א קארגער, שיט...... ווייניק גרויפּן אין א טעפּל, איז די זופּ שיט......

**אופגאַבע 5.** דערוויַזט. אז מיר האָבנ ריכטיק אויסגעלייגט די אונטער־געשטראָכענע ווערטער.

גאָר **אינקורצנ** וועלנ מיר פארזייענ דאָס פעלד. קליינע קינדער טוען זיך אָנ **אינ קורצנ**.

איך ביי **אהיימ**, וויַל איך האָב **א היימ**, דער זייגער שלאָגט! אח, צענ שלאָגט, געענדיקט שוינ די מי! **אהיימ**, ווער נאָר **א היימ** פארמאָגט, **אהיימ** ביז אינדערפרי (פּ.)!.

איך גיכנ טעמפּ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג זיַנענ שוינ אריַנגעצויגנ אלע אונטערנעמונגענ. גאָר **אינגיכנ** וועלנ מיר האָבנ סאָציאַליזמ בא אונדז אינ לאנד.

איך האָב גוטע אויגנ, איך זע **פונווייַטנ**. איך האָב באקומענ א בריוו פונ **וויַיטנ** לאנד. **פונוויַיטנ** דאכט זיך, אז בא יענעמ לייַכט זיך.

**אמאָל** האָבנ יידנ נימ געטאָרט וווינענ אינ דערפער. **א מאָל** קומ איך צו מיַנ כאַווער—**א מאָל** קומט מיַנ כאַווער צו מיר.

**איבעראיאָר** קומ איך אָנ ארבעטנ אפ א פאבריק. מיַנ ברודער האָט אָפּגעארבעט אפנ פאבריק **איבער א יאָר**. עס איז שוינ **אריבער א יאָר** זינט מיר וווינענ אינ דער נייַער דירע.

## צוויי אויפאַנימ פונ אויסלייג.

**א ר ב ע ט 26.**

| | | | |
|---|---|---|---|
| טאָג פונ ארבעט | = ארבעטטאָג [1]) | נעמענ + אָנ | = אָנעמענ |
| רעכט פונ בירגער | = בירגעררעכט | פירנ + צונויפ | = צונויפירנ |
| ראט פונ ארבעטער | = ארבעטערראט | פאטערנ + אָפּ | = אָפּאטערנ |
| זאָגנ + אויס | = אויסזאָגנ | פליענ + ארופ | = ארופליענ |
| ברענגענ + אָפּ | = אָפּברענגענ | קריכנ + אװעק | = אוועקריכנ |

1. וויפל קלאנגענ הערנ מיר אפ די אונטערגעשטראָכענע ערטער פונ דער רעכטער זיַיט? וויפל אותיעס שרייַבנ מיר? פונ וועלכע טיילנ באשטייענ די ווערטער?

2. וויפל אלצייַנע אותיעס **חעלטנ** געדראָפּט זיַינ (לויטנ באשטאנד פונ וואָרט) אפ די אונטערגעשטראָכענע ערטער פונ דער לינקער זיַיט? חיכל איז אָנגעשריבנ? וויפל הערנ מיר?

**אויספיר.** די ווערטער פונ דער לינקער זיַיט האָבנ מיר אָנגעשריבנ אזוי ווי מיר הערנ זיי אויסגערעדטערהייט. אזוי שרייַבנ, הייסט שרייַבנ אפנ **פאָנעטישנ אויפנ** (אָנעמענ, אראָפּאטערנ א. אנ.).

די ווערטער פונ דער רעכטער זיַיט האָבנ מיר אָנגעשריבנ לויטנ פאקטישנ צוזאמענשטעל פונ די עלעמענטנ. וואָס גייענ אינ זיי אריַינ. אזוי שרייַבנ, הייסט שרייַבנ אפנ **מאָרפאָלאָגישנ אויפן** (אויס - זאָגנ = אויסזאָגנ; ארבעטער - רעכט = ארבעטעררעכט).

[1]) אויב מיר לייגן אויס אינ איינ וואָרט.

צונויפזאצנ שרײַבנ מיר אפנ מארפאָלאָגישנ אויפנ.

פרעפיקסנ שרײַבנ מיר אפנ פאָנעטישנ אויפנ דאנ, װענ דער צונויפטרעפ קומט פאָר צװישנ אלײנע קאָנסאָנאנטנ (אָנ + נעמענ = אָנעמענ). װענ דער צונויפגוס קומט פאָר אָבער צװישנ ניט אלײנע קאָנסאָנאנטנ שרײַבנ מיר אפנ מארפאָלאָגישנ אויפנ (אויס + זאָגנ = אויסזאָגנ).

**אופגאבע 1.** די אויסגעטײלטע װערטער אינ די געגעבענע זאצנ זײַנענ אויסגעלײגט מאָרפאָלאָגיש. װײַזט מינדלעך, װי הערנ זיך די דאָזיקע װערטער אינ גיך־רײדנ.

## מאָרפאָלאָגיש אויסגעלײגטע.

דער גאסט איז **אראָפּגעקומענ**.
באלד װעט ער **צוריקגײנ**.
א פרילינג־װינטל **בלאָזט**.
פונערגעצ **טראָגט זיך** א לידל.
איך בינ הײַנט געװענ אינ **פאָלק־געריכט**.
איך שרײַב זײער אָפט אינ **װאנט־צײַטונג**.
עס טריפט א **זומער־רעגנ**.
װאָס דו קענסט **זיך** א **זאָג געבנ**!
איך האָב **ליב באקומענ** ספּאָרט.
מע דארפ **אָנמערקנ** א פּלאנ.

עס **טאָגט**.
קוקט מענ אונ **שװײַגט** מענ.
**ליגט** אינ טוי דער זומער אפנ פעלד.
איך װײס ניט פארװאָס מיר **לאכט זיך**.
הײַנט **עפנט זיך** די **אויסשטעלונג**.
עס ציענ זיך פעלדער פונ **לינקס** אונ **פונ רעכטס**.
מיר זײַנענ איבערגעגאנגענ אפ א זיבנ־שעהיקנ **ארבעט־טאָג**
**דו ארבעטסט**, אונ **ער רעדט**.
**װאָס זשע** שטײט איר, **װאָס זשע** טראכט איר?

**אופגאבע 2.** די אויסגעטײלטע װערטער אינ די געגעבענע זאצנ זײַנענ אויסגעלײגט פאָנעטיש. װײַזט מינדלעך, װי װאָלטנ זײ זיך געדארפט הערנ לויט זײערע באשטאנד־טײלנ.

## פאָנעטיש אויסגעלײגטע.

**איכל** הײַנט גײנ אינ טעאטער.
תּוהינ **ליפּסטו**?
ער קענ **אופירנ** א װאנט מיט א װאנט.
אפנ הויפ װעט **ארופאָרנ** א פור.
פונ ז[illegible]טיק ביזנ קומענדיקנ מאָנטיק איז אקוראט **אנ אכטאָג**.
**פאראכטאָגנ** האָב איך באקומענ א בריװ פונ מאָסקװע.

קומ, דו װעסט שפּעטער **דערײדנ**.
דער טויער איז **פאריגלט**.
**לאָמיר** זיך מיט **אײַך פאנאנדערעכענענ**.
מע טאָר ניט **אונטערײַסנ** קײנ װיכטיקע ארבעט.
איך קענ **אײַך מיטײלנ** װעגנ דער נעכטיקער פארזאמלונג.

# IV. וו ע ר ב

## פערזאָנען.

### אַ ר ב ע ט 27.

ע ט י מ ע נ י. האָב קיין פאריבל ניט, סעמיאָן מאַקאַראָוויטש, וואָס טוסטו דאָרטן?

ש י מ ע ל ע ס א ר אָ ק ע ר. זעסט דאָך וואָס א י ך (?) טו—א י ך (?) לייען.

ע ט י מ ע נ י. א י ך (?) זע, אַז ד ו (?) לייענסט. א י ך (?) פרעג: וואָס ד ו (?) לייענסט.

ש י מ ע ל ע ס א ר אָ ק ע ר. און אַז א י ך (?) וועל דיר זאָגן, וועסטו וויסן? א י ך (?) לייען אַ געשיכטע, לייען א י ך (?)

ע ט י מ ע נ י. וואָס פאַר אַ געשיכטע לייענסטו?

ש י מ ע ל ע ס א ר אָ ק ע ר. ניט קיין געשיכטע, נאָר אַזוי אַ באַשרײַבונג, אַ... אַ... קרי־טיקע—און, טשעפּע זיך אָפּ!

ע ט י מ ע נ י. ביזט, אפאָנעם, איפגעשטאַנען אַפּ דער לינקער זײַט? וועדליק ד ו (?) ביזט אין קאַעס, האָב א י ך (?) מוירע, אַז ד ו (?) לייענסט און ווייסט ניט וואָס ד ו (?) לייענסט.

ש י מ ע ל ע ס א ר אָ ק ע ר. מאָל דיר, לאָז זיך דיר דאַכטן, אַז א י ך (?) ווייס שוין דאָפּקע יאָ, וואָס א י ך (?) לייען, א י ך (?) לייען אַ קריטיקע פון איינעם אַ לעצ, וואָס מאַכט כויזעק פון דער גאַנצער וועלט, און הייסן הייסט ע ר (?) שאָלעם־אַלייכעם.

ע ט י מ ע נ י. אַלייכעם־שאָלעם!... אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו טאָן, איז דאָס אויך אַן אַרבעט! וואָס האָט ע ר (?) צו דער וועלט?

ש י מ ע ל ע ס א ר אָ ק ע ר. צו דער וועלט האָט ע ר (?) גאָרניט. נאָר ע ר (?) באַ־שרײַבט דאָ איינעם אַ שנײַדער, וואָס איז געווען אַמאָל אַ קאַפּצן אין זיבן פּאָלעס און איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן, געוואָרן אַ גוויר...

(שאָלעם־אַלייכעם „דאָס גרויסע געווינס").

1. ווען באנוצנ די העלדנ די ווערטער „איכ״, „דו״, און „ער״.

2. מאכט איבער דעם דיאלאָג אזוי, אז אָנשטאָט שימעלענ און עטימעניג זאָלנ ריידנ עטלעכע מענטשנ צו עטלעכע (אינ בערצאָל). וואָס וועט זײַנ מיט די ווערטער „איכ״, „דו״, „ער״.

**אויספיר.** אינ ריידנ באנוצנ מיר זיכ אָפט מיט די ווערטער „איכ״ „דו״, „ער״, „זי״ (איינצאָל). „מיר״, „איר״, „זיי״ (מערצאָל). דידאָזיקע ווערטער הייסנ **פערזאָנענ**.

דער, וואָס רעדט, רופט זיכ אליינ אָנ—**איכ**, **מיר**, דעם צווייטנ, צו וועמענ ער רעדט—**דו**, **איר**, און יעדער אנדער מענטשנ, צי זאכ, וועגנ וועלכע ער רעדט, נאָר זיי נעמענ נים קיינ אָנטייל אינ דעם שמועס—**ער**, **זי**, **זיי**.

**איכ**, **מיר** הייסט I־טע פערזאָנ; **דו**, **איר**—II־טע פערזאָנ, **ער**, **זי** **זיי**—III־טע פערזאָנ.

# מיטשטימונג אינ פערזאָנ. ווערב.

## אַרבעט 28.

ער קומט אַרײַנ אינ שאפ באגינענ
און פארדינגט דאָרט זײַנע הענט;
ער האלט פאריינס אינ איינ פארדינענ
און פארהולטעוועט קיינ סענט.
(מ. ראָזנפעלד).

1. שטעלט אָנשטאָט דער דריטער פערזאָנ די ערשטע און לייענט. שטעלט די צווייטע און לייענט

2. שטרײַכט אונטער די ווערטער, וואָס האָבנ זיכ געענדערט מיט דער ענדערונג פונ דער פערזאָנ. טיילט אָפ די פאָרמע, וואָס די ווערטער האָבנ אנגענומענ.

3. אָנשטאָט „ער״ שטעלט „זיי״, „איר״, „מיר״, לייענט די ליד און טיילט אָפ די פערזאָנ־פאָרמעס.

4. וואָס פאר א אינהאלט האָבנ די ווערטער, וואָס האָבנ זיכ געענדערט אָפהענגיק פונ דער פערזאָנ?

**אויספיר.** די ווערטער, וואָס נעמענ אָנ פאָרמעס אָפהענגיק פונ דער פערזאָנ און פונ דער צאָל פערזאָנענ, זײַנענ **ווערבנ**. די פארבינדונג צווישנ דעם ווערב מיט דער פערזאָנ הייסט **מיטשטימונג אינ פערזאָנ** (אז מיר ענדערנ די פערזאָנ אָדער די צאָל פערזאָנענ, ענדערט זיכ אויכ דער ווערב).

ווערבנ באשרײַבנ דאָסראָוו א טוונג, וואָס עס טוט די פערזאָנ, אָדער א צושטאנד, אינ וועלכנ די פערזאָנ געפינט זיכ.

אָפהענגיק פונ דער פערזאָנ, נעמט אָנ דער ווערב פאָלגנדיקע פאָרמעס:

# די סכעמע פונ די פערזאָנ-פאָרמעס.

.29 . . . . .

## א ײ נ צ אָ ל.

| פערזאָנ | | | פערזאָנ | | |
|---|---|---|---|---|---|
| I פערזאָנ. | איכ | לויפ | I פערזאָנ. | איכ | קומ |
| II פערזאָנ. | דו | לויפ—סט | II פערזאָנ. | דו | קומ—סט |
| III פערזאָנ. | ער<br>זי<br>דער ייִנגל<br>די מיידל<br>דער וואָלקנ<br>דער פערד | לויפ—ט | III פערזאָנ. | ער<br>זי<br>דער פעטער<br>די מומע<br>דער ווינטער<br>דער טאָג | קומ—ט |

## מ ע ר צ אָ ל.

| פערזאָנ | | | פערזאָנ | | |
|---|---|---|---|---|---|
| I פערזאָנ. | מיר | לויפ—נ | I פערזאָנ. | מיר | קומ—ענ |
| II פערזאָנ. | איר | לויפ—ט | II פערזאָנ. | איר | קומ—ט |
| III פערזאָנ. | זיי<br>די ייִנגלעכ<br>די מיידלעכ<br>די וואָלקנס<br>די פערד | לויפ—נ | III פערזאָנ. | זיי<br>די פעטערס<br>די מומעס<br>די ווינטערס<br>די טעג | קומ—ענ. |

די פאָרמע פונ דער ערשטער פערזאָנ אינ אײנצאָל, וואָס האָט ניט קײנ באַזונדערנ סופיקס, ווערט אָנגערופנ **נול־פאָרמע**.

**אויפגאַבע** 1. שרײַבט ארויס פונ די פאָלגנדיקע סטראָפעס די פערזאָנעג אינײנעם מיטנ ווערב אונ טײלט אָפ די פערזאָנ־פאָרמעס.

... ער זעט די וועלט פונ רויב אונ געלט
מיט האס אונ שפאָט אונ קאַלטקײַט.
ער קעמפט אינ פעלד, א יונגער העלד,
ער ווייסט ניט פונ קײנ אַלטקײַט. (באָוושאָווער).

... איכ ברענג וואפנ פאר דעמ שלאָפנ,
איכ באפרײַ די ארבעט־שקלאָפנ
אונ איכ מאכ זיי דרייסט. (ווינטשעווסקי).

... איכ וועק די מידע,
איכ באדעק דעמ זיפצ פונ אָפגעשוואכטע
מיט הילכיקנ געלעכטער. (האָפשטיינ).

... דו הערסט—אינ לופט
א שטימע רופט:
צו מוט, אונ קראפט, אונ לעבנ!... (רימינ)

... דער ווינט אונ דער שטורעם—זיי פליִענ אונ ברומענ
אינ רופנ פונ אלע פיר זײַטנ די כוואליעס (קודיטקאָ).

... מיר פליִענ, מיר פליִענ מיט סימכע צום אָפּגרונט
מיר פליענ צו פירנ די כוואליעס צו קעמפנ

— — — — — — — — — — — —

מיר פליִענ אינ שטרײַט פאר דער הייליקע־ פרײַהײַט (קוויטקאָ).

... אונ אימער נאָכ, אימער נאָכ, אימער נאָכ לײַדט איר;
אינ אימער נאָכ שקלאפנ פארוואָגלטע זײַט איר;
אונ פרײַהײַט אונ ווילשטאנד אפ „פרײַ־זופּ" פארבײַט איר
אונ אײַערע מענטשלעכע רעכטע פארשפײַט איר;
אונ יעטווידער אופשטאנד מיט אימע פארמײַדט איר
אונ אונדזערע לערנ פארשרײַט איר;
אינ אימער נאָכ, אימער נאָכ, אימער נאָכ לײַדט איר;
אינ אימער נאָכ שקלאפנ פארוואָגלטע זײַט איר! (באָחשאָווער)

.. מאָרגנ!—
פאר דײַנ העל,
טראָגנ מיר די לעבנס אָפּ
לייגנ מיר די קעפ אוועק,
פאר דײַנ שוועל,
פאר דײַנ טיר

— — — — —

מיר... (קודיטקאָ).

.. זיי לויפנ,
זיי בויגנ די קעפ צו,
זיי קניִענ,
זיי בעטנ
א זכיִע צו האָבנ,
א שפענדל צו ווערנ
פונ וועלטישנ מאסט־שטאנג,
וואָס וועט אפ דער שיידונג פונ טקופעס
דערהויבנ דײַנ אופשריפט
אונ חעט זיי, די טקופעס,
דורכ וואָלקנ באחײַזנ:
אָקטאָבער!

**אויפגאַבע 2.** פונ די פּאָלגנדיקע פראזעס טראָגט אראָפּ דעמ ווערב מיט דער פאָרמע פונ דריטער פערזאָנ איינצ. אָדער מערצ. אינאיינעמ מיט יענעמ וואָרט, צוליב וועלכנ ער האָט אָנגענומענ אזא פאָרמע.

גייט דער אלטער, ווײנט דער אלטער (פעפ.). יעדער אָוונט זינגט דער פעטער פינענ לידער (כאר.). פריילעכ פלאַכלענ די מאשינענ (גילד.). הענגט דער הימל ענג אונ צארט, זינגענ גראָבערס דאָ באנאכט. רוט דער האמער, רוט די האק אינ א ווינקל אינ באראק (פעפ.). אונ זיי רופנ א פארזאמלונג אפנ דרויסנ, אפנ גראמענ (מארק.). שטייט דער טראקטער היימיש, מעכטיק אינ צופרידנ (פעפ.). אפ די פעלדער זינגענ ברויטנ (פעפ.). צײַטיקנ איצט א פעלד אונ גיסט זיכ אָנ מיט קרעפטנ (כאר.). אָט־אָט פאלט ער, יאָשקע פאלט, אָט־אָט פאלט ער אינעמ שנײַטער. עס צעטונקלט, עס צעשטראַלט אימ, עס פארגאנצט אימ, עס צעבײַט אימ (קוו.). שטעלט זיכ א מאכנע אינ רייענ. גייט מענ (פינינ.). כמארעס גייענ, חינטנ ווייענ, די ערד איז מאט אונ מיד; אונטערנ הימל מיט געטימל א מאכנע פייגל ציט (רייז.). שטייט דער וואלד, ווי שטענדיק, הויכ אונ טונקל (פעפ.).

טוט אזוי: דער פויגל זינג־ט א. א. וו.

# צ יי ט נ.

## אַ ר ב ע ט 30.

| | א י צ ט י ק ע. | פ א ר ג א נ ג ע נ ע. |
|---|---|---|
| איינצאָל | איכ זיצ אונ ניי.<br>דו זיצ־סט אונ נייס־ט.<br>ער זיצ־ט אונ נייי־ט. | איכ בינ געזעסנ אונ האָב גענייט.<br>דו ביי־סט געזעסנ אונ האָ־סט גענייט.<br>ער איז געזעסנ אונ האָ־ט גענייט. |
| מערצאָל | מיר זיצ־נ אונ ניי־ענ.<br>איר זיצ־ט אונ ניי־ט.<br>זיי זיצ־נ אונ ניי־ענ. | מיר זײַנ־ענ געזעסנ אונ האָב־נ גענייט.<br>איר זײַ־ט געזעסנ אונ האָ־ט גענייט.<br>זיי זײַנ־ענ געזעסנ אונ האָב־נ גענייט. |

| | ק ו מ ע נ ד י ק ע. |
|---|---|
| איינצאָל | איכ וועל זיצנ אונ וועל נייענ.<br>דו וועס־ט זיצנ אונ וועס־ט נייענ.<br>ער וועט זיצנ אונ וועט נייענ. |
| מערצאָל | מיר וועל־נ זיצנ אונ וועל־נ נייענ.<br>איר וועט זיצנ אונ וועט נייענ.<br>זיי וועל־נ זיצנ אונ וועל־נ נייענ. |

1. באמערקט, פונ וויפל ווערטער באשטייט יעדערע פונ די צײַטנ.

2. וועלכער פונ די צוויי ווערטער (איג פארגאנגענער אונ קומענדיקער) טראָגט דעם אינהאלט פונ צײַט אונ פונ צאָל אונ האָט פערזאָנ־פאָרמעס.

3. צי ענדערנ זיך די ווערטער, וואָס גיבנ איבער דעם גרונט־אינהאלט פונעם ווערב?

4. ווי אזוי ווערט איבערגעגעבנ דער גרונט־אינהאלט פונעם ווערב אונ די אינהאלטנ פונ צײַט, פערזאָנ אונ צאָל אינ דער איצטיקער צײַט?

**אויספיר.** די ווערטער פונ דער פארגאנגענער אונ קומענדיקער צײַט וואָס טראָגנ דעם אינהאלט פונ צײַט, פערזאָנ אונ צאָל הייסנ **הילפ־ווערבנ** (בינ, האָב, וועל).

דער צווייטער וואָרט פונ דער **פארגאנגענער צײַט**, וואָס טראָגט דעם גרונט־אינהאלט פונעם ווערב אונ ענדערט זיך ניט, הייסט **פּאַרטיציפּ** (געזעסנ, געניית).

דער צווייטער וואָרט פונ דער **קומענדיקער צײַט**, וואָס טראָגט דעם גרונט־אינהאלט פונעם ווערב אונ ענדערט זיך ניט, הייסט **אינפיניטיוו** (זיצנ, נייענ).

אינ דער איצטיקער צײַט ליגט דער גרונט־אינהאלט פונעם ווערב, ווי אויך די אינהאלטנ פונ צײַט, פערזאָנ אונ צאָל אינ דעם איינ וואָרט.

**באמערקונג 1.** דער הילפ־ווערב קענ שטיינ ניט הארט באם אינפיניטיוו אָדער פארטיציפּ, צ. ב. איך וועל הײַנט איגאָוונט גיינ אינ טעאטער. נעכטנ בינ איך מיט מײַנעם א כאווער געגאנגענ אינ קלוב.

**באמערקונג 2.** צום ווערב קענ זיך צושטעלנ דער וואָרט „זיך" (זעך, זאך). (לייגנ זיך. יאָגנ זיך א. ד. ג.). דער „זיך", וואָס געהערט צום ווערב, איז נים אקצענטירט, אונ באם אויסריידנ הערט ער זיך ווי „זאך" אָדער „זעך". „זיך" איז א טייל פונעם ווערב

**אויפגאבע 1.** אינ די פאָלגנדיקע פראזעס שטרײַכט אונטער דעם „זיך", וואָס געהערט צום ווערב, אונ ווײַזט אָנ צו וועלכנ ווערב. דערקענענ עס קענט איר, ווענ איר וועט אויסבילדנ די פאָרמע פונ אינפיניטיוו פונעם געגעבענעם ווערב מיט „זיך". צ. ב. **שטיינ זיך**—ניטאָ אזא אינפיניטיוו; **לייגנ זיך**—פאראנ.

שטייט זיך פארלאָזנ א פאלעצ אינ פעלד. דאָרט שײַנט זיך די ערד אונ די ווארעמס. (ליעס). נאָר איינמאָל באווײַזט זיך א גאסט אפ דער שוועל (פּ.). די שטערנדיקע שטילקײַט הערט זיך אײַנ אינ שטילנ אָטעם פונעם לעבנ. (האָפּ.). פונ אונטנ, אינ איינציקנ ווינקל אינ בלאסנ נאָך לעשנ זיך טרויעריק טליִענדע פאסנ (האָפּ.). געצאָלט האָבנ פויערים שטײַערנ פאר זיך, אונ פאר ערד, אונ פאר חייצ (פעפ). גייט זיך שטיל אזוי די צײַט, דאָרט, ווי בא בינענ אפ די פעלדער (מארק.). ווער זשע קאָנ זיך צו אים גלײַכנ? ער פארקויפט אום שאבעס וואסער. רעדט צו זיך אליינ די אלטע, קראַצנדיק די דארע האנט (מארק.). טויט אונ זונ אונ שטיקער גאָלד רינט פונ הויך אונ פאלט אינ טאָל, צעמישט זיך מיט די גראָזנ (כאר.).

**אויפגאבע 2.** אינ די פאָלגנדיקע פראזעס ענדערט די ווערבנ אזוי, אז זיי זאָלנ באקומענ דעמ אינהאלט פונ פארגאנגענער צײַט. מערקט אָפּ דעמ הילפווערב אונ דעמ פארטיציפּ.

די רויטע ארמיי באשיצט דאָס ראטנלאנד. די קאָמיוגיסטנ אָרגאניזירנ די יוגנט אינ דאָרפ אונ אינ שטאָט. דער ארבעטער אינטערעסירט זיכ מיט דעמ לעבנ פונ דער פאבריק. מיר קויפנ אלצ אינ קאָאָפּעראטיוו. די צײַט גייט אומבאמערקבאר. די רעוואָליוציע פאָדערט קאָרבאָנעס. דער פויער אקערט דאָס פעלד. א בוכ העלפט פאנאנדערקלײַבנ זיכ אינ פארשיידענע פראגעס. דער ברודער פאָרט אינ מאָסקווע לערנענ זיכ. ביכער דרוקט מענ אינ רוסלאנד פונ זעכצנטנ יאָרהונדערט אָנ.

**אויפגאבע 3.** אינ די פאָלגנדיקע פראזעס ענדערט די ווערבנ אזוי, אז זיי זאָלנ באקומענ דעמ אינהאלט פונ קומענדיקער צײַט. מערקט אָפּ דעמ הילפווערב אונ דעמ אינפיניטיוו.

דער פאָרזיצער האָט געעפנט די פאָרזאמלונג. אינ פרעזידיומ האָט ער אײַנגעלאדנ פאָרשטייער פונ פארשיידענע אָרגאניזאציעס. נאָכדעמ איז מענ צוגעטראָטנ צו באהאנדלענ די אָנגעמערקטע פראגעס. פונ א פונק צעפלאקערט זיכ א פלאמ. דער פײַפ פונ זאוואָד רופט אלעמענ צו דער ארבעט. די פויערימ ווארטנ אפ א רעגנ. מיר פארבעסערנ מיט יעדנ יאָר דיווירטשאפט פונ אונדזער לאנד.

**אויפגאבע 4.** מאכט אינ העפט פאָלגנדיקע רובריקעס אונ שטעלט ארײַנ די ווערבנ פונ די אונטנאָנגעוויזענע פראזעס, אָנווײַזנדיק די צײַט, פערזאָנ אונ צאָל.

| ווערב | צײַט | פערזאָנ | צאָל | הילפווערב | אינפיניטיוו | פארטיציפּ |
|---|---|---|---|---|---|---|
| האָט צוגעדעקט | פאר־גאנגענע | III | איינצאָל | האָט | צודעקנ | צוגעדעקט |

א לעצטער רויכ האָט צוגעדעקט מײַנ שטעטל, אונ לעצטנ רויכ האָט אָנגעשיקט דער ווינט (כאר.). איכ שטיי בא דײַנ געלעגערל אונ זע אונ הער אונ שא (ראָז.). ווער וועט אונדז דערציילנ, ווער וועט אונדז באוויסטיקנ פונ געשעענעמ אונ פונ געוועזענעמ (קושנ.). האָט שלאכט זיכ צע־פלאקערט נאָכ הייסער, נאָכ שטרענגער, נאָכ ווילדער (פעפ.). יונגע יונגע מיט יונגע אויגנ וויגנ זיכ פארמאטערט אפ די פערד (כאר.). שטאָט, דו האָסט מיכ פונוויַטנ גערופנ מיט הודענ פונ דראָט (האָפּ.). אונ דאָס מאָסטער דוישט, רוישט אונ קאָכט (ווייס.). דײַנ נאָמענ וועט העלנ, דײַנ נאָמענ וועט

קלאָרן (האָפּ.). און וואַרפן זיך קריגער אין פייער אריין, אין פייער אריין (שאפּ.) מע וועט נאָך, מע וועט אייער פרייד נאָך געניסן, איך זע דאָס, איך פיל דאָס, איך ווייס (גילד.). ציען זיך די זאנגען מיט מיילער אין דער הויך און ציטערן און בויגן זיך אינצווייען (כאר.). מע האָט געבראכט א סראקטער, פרייט זיך דער ארום, בונטעווען די לידער, פרייען זיך די בליקן (פּעפּ.). ניט קיין העלדן, ניט קיין האָריקע-גיבורידים האָבן זיך דאָ ביינערדיק פארקלערט. יונגע יונגען מיט יונגע אויגן וויגן זיך פארמאטערט אף די פערד (כאר.). ס'וועלן היינט העדר צער מיט פייער צעקושן זיך,—היינט אין א בלוילעכער נאכט (כאר.). און הויך פארוואָרפט זיין רוף דער שיינענדער טרומייט (האָפּ.). מיר זינגען אומעטום מיט לענינס פאָן, אין האנט (פּעפּ.).

באַמערקונג. גאנץ אָפט גיסט זיך צונויף די פערזאָן מיטן ווערב, אָדער די ווערט פארקירצט איינגאנצן, אויב די איז קלאָר פון דעם אלגעמיינעם אינהאלט. צ. ב. איך גיי = כ'גיי. איך זע = כ'זע א. אז.

**אויפגאַבע 5.** אין די פאָלגנדיקע פראזעס שטעלט אף די צונויפגעגאָסענע פערזאָן.

גיי שוין, מאמע, גיי שוין שלאָפן, כ'דארף דעם טאטן עפּעס זאָגן (קוו.). איך ווער יינגער, איך ווער יינגער, איך ווער פריי! כ'שעפּ! (קוו.) און—ר'האָט זיי געפונען און—מ'האָט זיי געפאנגען, די באָנים (פּיניג.) קוקט קאָמאנדיר אפן פישער:—וואָס ווילסטו דאָ, פויער (פּיניג.). ס'שטייט אלעקסייעוו פון פאָרנט (פּיניג.). נאָר מ'רוקט זיך און מ'רוקט זיך צו קיעוו דער שטאָט אף די ווייסע (פּיניג). נאָר ווער פאָרט עס דען מיט באנען, מ'איז, כאָלילע, דען מאגנאטן (מארק.). מ'דארף א האָרעווע טאָן אזא מין, מ'דארף די ערד א גראָב טאָן טיף (מארק.). ס'איז בא אונדז שוין הויך צעוואקסן היי און האָבער, ווייץ און גערשטן (ווינער.). גלויבסטו נאָך אלץ ניט? דו דארפסט, קאָמאנדיר, דען נאָך מערער (פּיניג.).

**אויפגאַבע 6.** שטעלט צו די פערזאָנען, וואָס זיינען איינגאנצן פארקירצט.

## טורמע-לידער *)

קלינג-קלאנג, טאנץ איך מיר
מיט די קייטן אף די פיס,
מיטן שווארצן ברויט אין האנט,
גיב א טאנץ און גיב א ביס;
מיטן קריגל טיי אין האנט,
גיב א טאנץ און גיב א טרונק...
— — — — — — —

*) לידער וועגן דעם לעבן פון די רעוואָלוציאָנערן, וועלכע מען האָט פארשיקט אין סיביר אין 1905 י.

קלאפט די גראטן, צימבלט, פויקט:
— העכער העכער!—שרייט ער אויס.
העכער, העכער טאנצ איך מיר,
יאָרנ זיצנ דארפ איך דאָ;
רייס איך אויס א גרויע האָר—
ווערט צוריק א צווייטע גראָ:
רייס איך צוויי אונ רייס איך דריי,
אונ א טאנצ נאָך יעדנ ריס,
טו א טאנצ אונ טו א קלונג
מיט די קייטנ אפ די פיס...

* * *

זייט געזונט, זייט געזונט,
מאָרגנ פאָר איך אָפ:
כ'האָב שוינ אופגענייט א זעקל
אָפגעשערט דעם קאָפ,

האָב באקומענ שוינ א גארטל,
צוגענייט צו קייט,
אונ זיך שוינ מיט אלע שכיינים
דורכ דער וואנט צעשיידט.

האָב אהיימ אוועקגעשריבנ
שוינ דעם לעצטנ בריוו;
מאָרגנ וועל איך זיינ שוינ וויייט-וויייט
ערגעצ אפ א שיפ... (לייוויק).

# די ווערבנ, וואָס בילדנ די פארגאנגענע צייט מיט „בינ".

31.

(אָריענטיר-טאבעלע)

| | | | |
|---|---|---|---|
| בלייבנ. | זינקענ. | פאָרנ. | שטארבנ. |
| גיינ. | זיצנ | פליענ. | שטייגנ. |
| דערשייינענ | טרעטנ. | פרירנ. | שטיינ. |
| הענגענ. | לויפנ. | קריכנ. | שלאפנ. |
| וואקסנ. | ליגנ. | קומענ. | שפרינגענ. |
| ווערנ. | פארשווינדנ. | רינענ. | |
| זיינ. | פאלנ. | שווימענ. | |

# װעגן די פּערזאָן־פאָרמעס ־סט און ־ט.

## אַרבעט 32.

1)

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| איך | גיי | גיס | שפּייז | װײַז | װאַש | רייץ |
| דו | גיי־סט | גיס־ט | שפּײַז־סט | װײַז־סט | װאַש־סט | רייץ־סט |
| ער | גיי־ט. | גיס־ט | שפּײַז־ט. | װײַז־ט. | װאַש־ט | רייץ־ט. |

1. צי הערן מיר אין די װערבן אַלע קלאַנגען, װאָס מיר װאָלטן געדאַרפט הערן?
2. פאַרװאָס הערט זיך ניט אין דעם װאָרט „שפּײַזט“ דער „ז“?
3) װי װאָלט מען געדאַרפט שרײַבן די צװייטע פּערזאָן פון „גיסן“ און װי שרײַבט זי זיך איבערעמעסן?
4) לייגט אַכט אויף לעצטן קלאַנג פון װאָרצל און ערשטן קלאַנג פון דער פּערזאָן־פאָרמע.
5) דערמאָנט זיך, װאָס װייסט איר װעגן צונויפגוס און אַסימיליאַציע פון קלאַנגען.

2)

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| איך | גיי | שנײַד | רייד | בײַט | היט |
| דו | גיי־סט | שנײַד־סט | רעד־סט | בײַט־סט | היט־סט |
| ער | גיי־ט | שנײַד־ט | רעד־ט | בײַט | היט |

1) באַמערקט, װו גיסן זיך דאָ צונויף די אַלצייניגע קלאַנגען.
2) צי שרײַבן מיר דאָ אַלעמאָל װי מיר הערן?
3) װאָס קענט איר דערציילן װעגן די פּערזאָן־פאָרמעס ־סט און „ט“ אין דער איצטיקער צײַט?

**אויספיר.** אין די װערבן, װאָס דער שטאַם זייערער ענדיקט זיך אויף ס, ז, ש, צ, הערן מיר ניט אין דער צװייטער פּערזאָן די ענדונג—סט, נאָר—ט. דאָס דערקלערט זיך מיטן געזעץ פון קאָנסאָנאַנטן־אַסימיליאַציע.

אין די װערבן, װאָס זייער שטאַם ענדיקט זיך אויף ד אָדער ט, קומט פאָר די אַסימיליאַציע אין דער דריטער און אָפט אין דער צװייטער פּערזאָן.

**אויפגאַבע** 1. פון די פאָלגנדיקע װערבן שאַפט פראַזעס אין דער איצטיקער צײַט, צװייטע פּערזאָן, איינצאָל.

מוזן. שיסן. בײַסן. זיצן. קריצן. פאַרגעסן זיך. מישן זיך. װישן. חײַזן. רײַזן. װאַשן זיך. שאַצן. באַשיצן. באַזיצן. פּאַטשן. רייצן. הייצן. עסן.

**אויפגאַבע** 2. פון די פאָלגנדיקע װערבן שאַפט פראַזעס אין דער איצטיקער צײַט, דריטער פּערזאָן, איינצאָל.

אַרבעטן. ריידן. שנײַדן. בעטן. גלעטן. היטן. שיידן זיך. קליידן זיך. שפּעטן. שמידן. זידן. װעטן זיך. גרייטן. שיטן. לײַדן. בײַטן.

**אויפגאַבע** 3. בילדעט אויס די איצטיקע צײַט איינצאָל פון די װערבן הוסטן, טרייסטן, מעסטן און דערקלערט פאַרװאָס האָבן זיך אַלע פּערזאָנען באַקומען אַלצייניגס.

**אופגאבע 4.** טראכט צו נאָך ענלעכע ווערבן.

אבמערקונג. אין אייניקע ווערבן איז די ענדונג ־ט אין דער דריטער פערזאָן איינגאנצן ניטאָ, צ. ב. מעגן, וואָלטן, מוזן א. אנ.—איך מעג, דו מעגסט, ער מעג א. ד. ג.

**אופגאבע 5.** געפינט נאָך אזוינע.

# ווערבן מיט אקצענטירטע און ניט-אקצענטירטע פרעפיקסן.

## ארבעט 33.

אייַנפירן. באשטימען. צונויפקלייַבן. ארופגיין.
פארשטעלן, פאָרשטעלן. דערהאלטן. אָפּשיקן.
אנטלייַען. ארומכאפּן. פארברענגען. אריבערגיין.
באהענגען. אויסשרייַבן. אנטלויפן. ניט גיין. ניט לויפן.

1. שטעלט אויס דעם וואָרט־אקצענט אין דידאָזיקע ווערבן, אָט אזוי: אייַנפירן, באשטימען א.א.וו.
2. צעשטעלט די ווערבן אין פאָלגנדיקע צוויי רובריקעס, אָפּטיילנדיק דעם פרעפיקס.

| ווערבן מיט אקצענטירטן פרעפיקס. | ווערבן מיט ניט אקצענטירטן פרעפיקס. |
|---|---|
| אייַן־פירן. . . . . . . . . | באַ־שטימען . . . . . . . . |

3) בילדעט אויס די איצטיקע צייַט פון דידאָזיקע ווערבן (געבונג די ערשטע פערזאָן פון יעדערן) אנטקעגן אין דערזעלבער רובריקע.

4. פרווט מאכן אן אויספיר וועגן דעם, ווען רייַסט זיך אָפּ דער פרעפיקס אין דער איצטיקער צייַט, און ווען—ניט.

> **אויספיר.** אויב בא דעם ווערב איז דאָ אן אקצענטירטער פרעפיקס, רייַסט ער זיך אָפּ אין דער איצטיקער צייַט און קומט נאָכן ווערב. די ווערבן מיטן צוגאָב **ניט** האָבן דעמזעלבן געזעץ.

**אופגאבע 1.** באשטימט, ווען געהערט דער „ניט“ צום ווערב און ווען צו אן אנדער וואָרט.

מע האָט דאָ ניט פארפלאנצט קיין בוימער און קיין פארקן (כאר.) הוי, ראָסיִא, קריטיקע און מיסטיקע, ס'האָבן ניט פארשארט דיך וועלטס פארשטויבטע בעזעמער (קושנ.) אונטער הויכע הימלען, איבער וועלטנס ענדן, ניט קיין כמארעס ריגלען, ניט קיין ווינטן רעדערן... (קושנ.). גענוג, איך וויל ניט פיטערן קיין ליידיקגייערס מער (ווינטש.). הייַנט איז יאָנטעוו, הייַנט ארבעט מען ניט אפן פאבריק. דער פאָרטרעגער איז הייַנט ניט געקומען. הייַנט טרעט דער כאָר ניט ארויס. עס ווייעט ניט קיין ווינטעלע, מע פילט ניט קיין לופטעלע (מענ.). כעוודע

הערנ ניט אופ גליטשנ[1] זיכ ווײַטער אײנס נאָכנ אנדערנ בארג אראָפּ (אש). ניט אײנ טאָג, ניט צוויי און ניט דרײַ האָט דער פראָסט זיכ געפרוווט אָפּצושטעלנ דעם שטײַג (רייז.). איכ זע ארויס נאָר אײנ זאכ, אז דו ביזט א ייִנגל ניט קײַנ פּאַרפאלענער און די צונג באדארפ מענ דיר ניט פּיקנ (ש. אל.). נישט דאָס מײנ איכ... ווי ווײַנענ דאָכ ניט קײַנ דאָקטוירים, זיי זאָלנ מיר קוקנ אפנ זייגער.

**אויפגאבע 2.** ליינט אקצענט פונ ווערט זאָגט גלײַכ, ווי ווערט זײַנ די איצטיקע צײַט פונ די ווײַטערדיקע ווערבנ.

אָפּפּאָרנ. דערלאנגענ. ניט־זוכנ. פארזוכנ. פארנעמענ. באשליסנ. צוקלײַבנ צעקלײַבנ. אונטערלעקנ. אנטלויפנ. ארויסלײַענ. איבערגעבנ.

# וועגנ דער אָרדענונג פונ ווערב מיט זײַנע טײלנ („זיכ", אקצענטירטער פרעפיקס, „ניט") אינ דער איצטיקער צײַט.

**ארבעט 34.**

זעענ — איכ זע.

ארײַנזעענ — איכ זע ארײַנ.

ניט זעענ — איכ זע ניט.

ניט ארײַנזעענ — איכ זע ניט ארײַנ.

ניט זעענ זיכ — איכ זע זיכ ניט.

ניט ארײַנזעענ זיכ — איכ זע זיכ ניט ארײַנ.

1. אט דעמזעלבנ ארויס בילדעט אויס די איצטיקע צײַט פונ די פאָלגנדיקע ווערבנ: שלאָגנ, אָפּשלאָגנ, ניט שלאָגנ, ניט אָפּשלאָגנ, ניט שלאָגנ זיכ, ניט אָפּשלאָגנ זיכ.

2. באמערקט די אָרדענונג פונ דעם ווערב מיט זײַנע טײלנ — „ניט", „זיכ", אקצענטירטער פרעפיקס.

**אויספיר.** די ווערב־טײלנ „ניט", „זיכ" (ועק. זאכ) אונ פרעפיקס (אקצענטירטער) קומענ אינ דער פראזע אינ פאָלגנדיקער אָרדענונג: ווערב[1] — „זיך"[2] — „ניט"[3] — פרעפיקס[4], צ. ב. מיר קלײַבנ[1] — זיכ[2] — ניט[3] — צונויפ[4].

**אויפגאבע 1.** אינ פאָלגנדיקע פראזעס קאָנטראָלירט, צי ס'איז ריכטיק דער אויספיר, וואָס מיר האָבנ געמאכט.

און ס'טראָגט זיכ איבער דעכער אום, אונ ס'גיסט זיכ אָנ דאָס הארצ מיט קראפט, מיט זאפט מיט פעכיקײט, מיט לויטערדיקנ הארבסט (האלקינ). מיט די קינדער אפּ אײנ קישנ מאָטשטשעט זיכ דער פאָטער אײַנ (באר.). צײַטיקע אײַשט א פעלד און גיסט זיכ אָנ מיט קרעפטנ (כאר.). ייִדנ לויפנ גיכער צום

פויער, בויגנ זיכ אָנ אונ דערקענענ דעם טויבנ (בערג.). די טאַנדעטניטשקע באַפּט זיכ מיט א שטאַרק פאַרשלאָפנ פּאָנעם פונעם בעט אופ (בערג.). וואַרפט זיכ אַמאָל אינ מיטנ דער נאַכט דער טאַנדעטניטשקעס קליינ קינד דורכ (בערג.). אונ פּלוצלונג, פונ דער העלער הויט, מע הויבט נאָכ ניט אָנ צו וויסנ, ווערט א שטרײַק בא אײַזיק פייגע־ליבעס (ווײַסנ.). אונ ס׳גיסט זיכ אָנ א פויסט א יונ־גער אונ א שטאַרקער (כאַר.). רײַסנ זיכ שוינ מיט גוואַלד פונ די סאָסנע־נאָד־לענ אַראָפּ די לעצטע שטראַלנ (גאָד.).

**אויפגאַבע 2.** פונ די פּאָלגנדיקע ווערבנ שאַפט פּראַזעס אונ מערקט אָפּ די אָרדענונג פונ דעם ווערב מיט זײַנע טיילנ.

אַרײַנציִענ זיכ. ניט אַרײַנציִענ זיכ. אויסלערנענ זיכ. ניט צונויפקלײַבנ זיכ. אָפּשטעלנ זיכ. ניט אָפּשטעלנ זיכ. אויסלייגנ זיכ. ניט אויסלייגנ זיכ. צעפאַלנ זיכ. ניט צעפאַלנ זיכ. פאַרלירנ זיכ. ניט פאַרלירנ זיכ. דערשרעקנ זיכ. ניט דערשרעקנ זיכ. אויסטאָנ זיכ. ניט אויסטאָנ זיכ. באַרעכענענ זיכ. ניט באַרעכענענ זיכ.

## װעגנ דעם פּאַרטיציפּ.

**אַרבעט 35.**

האָט א ייִנגעלע געלייענט „א באַריכט",
האָט א מיידעלע געלייענט „א גערדיכט",
האָבנ עלטערנ געשוויגנ אונ געשמייכלט;
דערנאָכ האָבנ די קינדערלעכ געזונגענ,
דערנאָכ האָבנ די קינדערלעכ געטאַנצט.
(כאַריק).

1. טיילט אויס דעמ פּאַרטיציפּ פונ די איבערגעשריבענע פּראַזעס.
2. ווי אַזוי האָט איר אים דערקענט? (פאַרגלײַכנ מיטנ צײַט).
3. צעטיילט דעם פּאַרטיציפּ אויפ זײַנע באַשטאַנד־טיילנ אָט אַזוי: גע—לייענ—ט.
4. רופט אָנ די באַשטאַנד־טיילנ.
5. פאַרמערקט, פונ וועלכע טיילנ באַשטייט דער פּאַרטיציפּ.

> **אויספיר.** דער פּאַרטיציפּ באַשטייט פונ דעם פּרעפיקס גע + שטאַם + נ (ענ) אָדער —ט.

**אויפגאַבע 1.** טיילט אויס די פּאַרטיציפּנ פונ די פּאָלגנדיקע פּראַזעס אונ צעטיילט זיי אויפ זייערע באַשטאַנד־טיילנ.

שטאָט, דו האָסט מיכ פונקטײַטנ גערופנ מיט הודיענ פונ דראָט! כ׳האָב שטענ־דיק אָפּ באַרג דיכ געזוכט דו האָסט מיכ פונוועײַטנ געצויגנ מיט צוואַנגענ פונ שײַנ אונ פונ שימער... שטאָט, דו האָסט מיכ געפאַנגען! (האָפ).

דער הימל איז געשטאנענ אינ פלאמענ אונ רויכ. אפ אפריער האָבנ פיר פויערים געטראָגנ אפ א שטריק א טרומנע, ווו אנטעקס פּאָטער, פּיאסעצקי, איז געלעגנ א דערהארגעטער... דער האמוינ האָט געשריענ, געליארעמט, גערופנ דעם יסראָרע. דער עקאָנאָם איז ארויס אפנ גאנעק מיט א ביקס... פונ אלע זײַטנ האָבנ געגומענ פליענ אפ אימ שטיינער, פלעקער, שטיקער האָלצ, אונ ס׳איז געוואָרנ אזא געשריי, אז מע האָט געקאָנט טויב ווערנ (אפ.).

האָבנ קינדער געלאכט, האָבנ מיידלעכ געלאכט, האָט די מײַ־זונ געוואָרעמט, זײַנענ די רויטע ארמייער געקומענ צו גיינ פונ דער ווײַטער קאַזארעם (פיניג.).

# צי האָט דער פּארטיציפּ אַלעמאָל דעם פּרעפיקס גע-

## אַרבעט 36.

גיסנ — ער האָט דאָס וואסער אפ דער ערד געגאָסנ

שרײַבנ — . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

באזיגנ — . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ארויסגעבנ — . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ארומנעמענ — . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פארצאמענ — . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

1. שאפט פראזעס אינ דער פארגאנגענער צײַט אזוי, אז אינ יעדער פראזע זאָל ארײַנ א פארטיציפ פונ די אנטשפרעכנדיקע איניפיניטיווג. מאכט, אז די פארטיציפנ זאָלנ אויסקומענ צומ סאָפ פראזע.
2. שטרײַכט אונטער דעמ פארטיציפ.
3. לייגט אכט אפנ וואָרט־אקצענט אינ די געגעבענע איניפיניטיווג אונ באטראכט, ווענ איז פאראנ „גע־“ אינ פארטיציפ אונ ווענ ניט.
4. נעמט אינ אכט, אז „גע־“ שטעלט זיכ צו הארט צומ שטאמ,

**אויספיר.** די ווערבנ, וואָס זײַנענ צונויפגעזעצט מיט ניט־אקצענטירטע פרעפיקסנ, האָבנ אינ פארטיציפ ניט קיינ „גע־“.

די ווערבנ, וואָס זײַנענ צונויפגעזעצט מיט אקצענטירטע פרעפיקסנ, האָבנ אינ פארטיציפ „גע־“.

דער פרעפיקס רײַסט זיכ אָפּ אונ „גע־“ שטעלט זיכ צו צומ שטאמ.

---

פראגע: וואָס נאָכ ווייסט איר וועגנ אקצענטירטע אונ ניט־אקצענטירטע פרעפיקסנ?

באמערקונג, די ווערבנ טעלעגראפירנ, דעמאָנסטרירנ, סטראכירנ א, אנ, ווערבנ, וואָס האָבנ אינ, איניפיניטיוו דעמ סופיקס ־ירנ, קענענ בילדנ דעמ פארטיציפ אי מיט גע־ אי אָנ גע־ (איכ האָב געטעלעגראפירט אָדער איכ האָב טעלעגראפירט א. ד. ג.).

די ווערבנ, וואָס האָבנ אינ איניפיניטיוו דעמ סופיקס ־יזירנ, בילדנ אויס דעמ פארטיציפ דאָסראָוו אָנ גע־, (מאשיניזירנ — מיר האָבנ מאשיניזירט א. ד. ג.).

**אויפגאַבע 1.** לויטן אקצענט פון וואָרט באַשטימט גלייך, ווי ווערט זיין דער פּאַרטיציפּ אין די ווייטערדיקע ווערבן: מיט „גע־“ צי אָן „גע־“.

באַשליסן. אויסגעבן. פאַרברענגען. אויסברענגען. פאַרלירן. אָפּנעמען. דורכלויפן. אויעקשיקן. אויסקעמפן. אראָפּקלאַפּן. דערציילן. ארומכאַפּן. צערייסן. צוקלאַפּן. צוגיין. צעגיין. איבעריאָגן. דעריאָגן.

**אויפגאַבע 2.** שטרייכט אונטער די פּאַרטיציפּן. דערקלערט יעדער מאָל פאַרוואָס איז אין דעם פּאַרטיציפּ פאַראַן אָדער ניטאָ קיין „גע־“.

האָט מינסק אוועקגעשיקט א צוג מיט הייסע יונגען,
האָט פּיניע אויך צווישן זיי געברענט...
ס׳האָט הינטער זיי קיין מאַרשן קיינער ניט געזונגען
און ניט געפּאַכט מיט יאָנטעוודיקע הענט. (כאַריק).

האָט גאַס מיט אויפרופן באַקלעפּט זיך,
האָט פּולווער אויפגעריסן לאַנד און וועג.
און אומגעדולד האָט שטיין און גאַס צעהויבן,
און אומגעדולד האָט אויפגעזאָטן איבער ברעג.

האָט אויסגעבראָכן; אויפגעצונדן מיט „גענוג“
און יוגנט האָט פאַרמאָסטן זיך אין ריי,
ס׳האָט ריווקע דאַן פאַרלאָזן טאַטע־מאַמע,
לויטן ערשטן רוף—אוועק אין רויט־אַרמיי... (פיש)

**אויפגאַבע 3.** לויטן סופיקס פון די ווייטערדיקע אינפיניטיוון באַשטימט, צי איז דער פּאַרטיציפּ מיט „גע־“ צי אָן „גע־“.

פירן, דעמאָנסטרירן, שמירן, פּראָפּאַגאַנדירן, שפּירן, צירן, דעלעגירן, קאָנספּעקטירן, פּלאַנירן, מאַרשירן, פרירן, קאָלעקטיוויזירן, מאַשיניזירן, אינדוסטריאַליזירן, אָרגאַניזירן, קאָלאָניזירן, סאָציאַליזירן, נאַציאָנאַליזירן, אָפּעראַזירן.

## וועלכע פּאַרטיציפּן האָבן דעם סופיקס ־ן (־ען) און וועלכע ־ט.

**אַרבעט 37.**

גיסן. טאָגן. העלפן. ציילן.
זייען. וואַרפן. בליצן. ווערגן.
צאָלן. זינגען. טרייבן. הערן.
שווימען. מעלדן. יאָגן. פליען.

פינקלען. ציִען. װיקלען. שטײַנ.
בײַטנ. שפּאַלטנ, װיסנ. זאָגנ.
האַלטנ. נעמענ. קומענ. פּאָרנ.

1. מאַכט אַזעלכע צװײ רובריקעס:

| פּאַרטיציפּ סופיקס ־נ (־ענ). | פּאַרטיציפּ סופיקס ־ט. |
| --- | --- |
| געגאָס—נ V | געטאָג—ט |

2. אַנטקעגנ יעדער געגעבענעם אינפיניטיװ בילדעט אױס דעם געהעריקנ פּאַרטיציפּ און שטעלט אים אַרײַנ אינ אײנער פונ די צװײ רובריקעס. אױב עס איז פאַראַנ אַנ ענדערונג אינ שטאַם־װאָקאַל, מערקט זי אָפּ מיט אַזאַ צײכנ V.

3. װאָס איז פאַראַנ אַלגעמײנעס אינ די פּאַרטיציפּנ אַפ ־נ? און אינ די פּאַרטיציפּנ אַפ ־ט?

4. באַמערקט, װעלכע װערטער טרעטנ דאָ אָפּ פונ דעם קלאַל.

**אױספיר.** דאָסראָװ פּאַרטיציפּנ, מיטנ סופיקס ־נ (־ענ) האָבנ אַ געענדערטנ שטאַם־װאָקאַל (װאַרפנ—געװאָרפנ).

דאָסראָװ פּאַרטיציפּנ מיטנ סופיקס ־ט האָבנ אַ ניט־געענדערטנ שטאַם־װאָקאַל (יאָגנ—געיאָגט).

באַמערקונג. אײניקע װערבנ האָבנ צװײ פּאַרטיציפּנ — מיט ־ט און מיט ־נ (־ענ), צ. ב. לאָזנ—געלאָזנ—געלאָזט; ציִענ—געצױגנ—געציט; באַקנ—געבאַקנ—געבאַקט א, אנ

# מערמאָליקע פאַרגאַנגענע צײַט.

## אַרבעט 38.

אינ שטאָט האָט מענ גאַסנ און מױערנ געבױט, און געבױט, און געבױט.

איז מענ געזעסנ דערצײלט און געהערט.

זײַנענ לידער אינ גערטנער געשװומענ פונ פאַרטאָג ביז באַנאַכט.

אינ שטעט פלעגט מענ גאַסנ און מױערנ בױענ, און בױענ, און בױענ.

פלעגט מענ זיצנ דערצײלנ און הערנ.

פלעגנ לידער אינ גערטנער שװימענ פונ פאַרטאָג ביז באַנאַכט.

1. צי פילט איר אַנ אונטערשײד אינ די אױסדרוקנ „האָט מענ געבױט“ און „פלעגט מענ בױענ“?
2. פאַרגלײַכט די איבעריקע פראַזעס פונ דער רעכטער מיט דער לינקער זײַט.
3. צי איז פאַראַנ אַנ אונטערשײד אינ דער צײַט?
4. דערקלערט, װי אַזױ איז צונױפגעשטעלט די פאַרגאַנגענע צײַט אינ דעם רעכטנ זײַל און װי אינ דעם לינקנ?
5. װאָס פאַר אַ װאָרט איז „פלעגנ“?

**אויספיר.** איןביידע זײַלן האָבן מיר די פֿאַרגאַנגענע צײַט. די פֿאַרגאַנ־גענע צײַט מיטן הילפֿווערב „פֿלעג" ווײַזט, אַז די טוונג, אָדער דער צושטאַנד איז שוין לאַנג פֿאַרגעקומען, האָט זיך איבערגעכאַזערט און האָט אָפּ אַזאַ אופֿן פֿאַרגעשטעלט אַ דויערנדיקן פּראָצעס.

די פֿאַרגאַנגענע צײַט מיט „פֿלעג" ווערט אָנגערופֿן—**מערמאָליקע פֿאַר־גאַנגענע צײַט.**

די מערמאָליקע פֿאַרגאַנגענע צײַט שטעלט זיך צונויף פֿון דעם הילפֿווערב פֿלעג + אינפֿיניטיוו (וועגן אינפֿיניטיוו זע פֿריִער).

די געוויינטלעכע פֿאַרגאַנגענע צײַט שטעלט זיך צונויף פֿון דעם הילפֿווערב „בין" אָדער „האָב" + פּאַרטיציפּ (וועגן פּאַרטיציפּ זע פֿריִער).

פֿראַגע: וואָס נאָך פֿאַר אַ צײַט שטעלט זיך צונויף מיטן אינפֿיניטיוו.

**קלאַל.** אויב מע וויל באַשטימען דעם אינפֿיניטיוו פֿון אַ ווערב, דאַרף מען אויסבילדן זײַן קומענדיקע אָדער מערמאָליקע פֿאַרגאַנגענע צײַט.

אויב מע וויל באַשטימען דעם פּאַרטיציפּ פֿון אַ ווערב, דאַרף מען אויס־בילדן זײַן געוויינטלעכע פֿאַרגאַנגענע צײַט.

**אויפֿגאַבע 1.** שרײַבט אַן אַרבעט אויף דער טעמע: „ווי פֿלעג איך פֿאַר־ברענגען די אָוונטן אין דער צײַט פֿון קאַניקול".

**אויפֿגאַבע 2.** שרײַבט אַן אַרבעט אויף דער טעמע: „ווי איז בײַ אונדז דורכ־געגאַנגען די עקסקורסיע". „וואָס האָבן מיר געזען אין קינאָ".

שטרײַכט אונטער אין די אַרבעטן די פֿאַרגאַנגענע צײַט.

**אויפֿגאַבע 3.** באַשטימט דעם פּאַרטיציפּ און דעם אינפֿיניטיוו פֿון די ווערבן אין די פֿאָלגנדיקע זאַצן:

און הויך פֿאַרוואָרפֿט זײַנען רופֿט דער שײַנענדער טרומייט (האָפּ.). מיר צע־קריגטע שוין מיט מאַטעס, מיר פֿאַרברענגען אַלטע שמאַטעס (קוויט.). האָט שלאָגט זיך צעפּלאַקערט נאָך הייסער, נאָך שטרענגער, נאָך ווילדער (פּעפּ.). און וואַרפֿן זיך קריגער אין פֿײַער אַרײַן, אין פֿײַער אַרײַן (שאַפּ.). מע האָט דאָ ניט פֿאַר־פֿלאַנצט קיין בוימער און קיין פּאַרקן, שפּילט מען זיך דאָ הוילינקע אין שטויב (כאַר.) יונגע יונגען מיט יונגע אויגן וויגן זיך פֿאַרמאַטערט אויף די פֿערד (כאַר.). הײַנט גייט מען שוין מער ניט אָן פֿאַנען, אָן שווערדן ווי קנעכט (פּעפּ.). מיר זײַנען אומעטום מיט לעגינס פֿאָן אין האַנט! (פּעפּ.). די ליכט האָט שוין דער־ברענט, און זי האָט נאָך איר אַרבעט ניט פֿאַרענדיקט (כאַר.).

באַמערקונג. ווען דער גרונט־אינהאַלט פֿון ווערב איז פֿאַרשטענדלעך פֿון זאַץ, טרעפֿט, אַז מע באַנוצט דעם אַקצענטירטן פּרעפֿיקס אַליין אָנשטאָט דעם גאַנצן אינפֿיניטיוו אָדער פּאַרטיציפּ, צ. ב. איך בין אַרויסגעגאַנגען = איך בין אַרויס; איך וועל אַוועקגיין = איך וועל אַוועק א. אַ. וו.

**אויפֿגאַבע 4.** גיט איבער פֿינקטלעך דעם אינהאַלט פֿונעם ווערב לויטן פּרעפֿיקס פֿון די ווײַטערדיקע זאַצן און מאַכט אַן אויספֿיר, וועלכע ווערטער קען מען דאָסראָוו צושטעלן צו דידאַזיקע פּרעפֿיקסן.

דער שמײַסער האָט א טריב געטאָנ די פערד אונ איז אָפּ. אינ גאס איז שטיל. מיר אונ טויער איז צו. דער רעדנער האָט געענדיקט אונ איז אראָפּ פונ טריבונע. דער טײַך איז ארויס פונ די ברעגנ. מאָרגנ וועל איך ארופּ אפנ בוידעמ זוכנ די פילקע. די יאָרנ לויפנ. עס זײַנענ אזוי אריבער שיינע עטלעכע יאָר. די טיר האָט זיך געעפנט, אונ אינ שטוב איז ארײַנ א פרעמדער מענטש. עס וועט ניט אוועק קיינ דרײַ טעג אונ דער שניי וועט אראָפּ. אונ כאָטש איך האלט דעמ קאָפּ אראָפּ אונ די אויגנ צו, פונדעסטוועגנ דאכט זיך מיר, אז איך זע זי (ש.־אל.).

([illegible])

## ווענ וועט זײַנ דער סופיקס -נ אונ ווענ -ענ אינ פּארטי־ציפּ, אינפיניטיוו אונ מערצאָל פונ דער איצטיקער צײַט.

### ארבעט 39.

אפנ גאס יאָגט א ווינט, די מוטער ווינט דאָס קינד. דער אלטער געדענקט זײַנע קינדער־יאָרנ, ער בענקט נאָך זיי. דער פעטער האָט מיר געשענקט א מאַטאָנע. דער בעקער שיקט רופנ דעמ האָלצהעקער. דער האָלצהעקער האקט האָלצ דער פידלט, דער צימבלט, דער גרימפּלט, דער פלאפּלט. ער שפּאנט מיט די ראגלאימ, איבערנ זאמד. וואָט וויינסטו? מײַנ פאָטער רוט נאָכנ שווערנ ארבעט־טאָג. עס ציט זיך צו דעמ גוטנ כאווער. מײַנ עלטערער ברודער דינט אינ דער רויטער ארמיי. איך הער, מע זינגט דעמ „אינטערנאציאָנאל". מאָרגנ דינגענ מיר א נײַ דירע. מע קומט פונ די דערפער באגריסנ דעמ יאָנטעוו. פאלט די זונ אפ די יונגענ, ווערנ יונגענ נאָך ייִנגער (פעפ.). מיר גייענ אינ דײַנע פּאָרנטיקע רייענ (האָפ.). דער מאָלער מאָלט א בילד. פארוואָס האָסטו זיך אזוי לאנג געזאמט.

1. נעמט ארויס די ווערבנ פונ די ארבנאָנגעוויזענע פראזעס אונ פאסט זיי אײַנ אינ די פּאָלגנדיקע רובריקעס, אָפּטיילנדיק די פאָרמע פונ דער ערשטער פּערזאָנ פונ דער איצטיקער צײַט.

| I פערזאָנ<br>איינצ. איצ. צײַט. | I־III פערזאָנ<br>מערצ. איצ. צײַט. | אינפיניטיוו | פּארטיציפּ<br>אויב ער ענדיקט זיך אפ ־נ ־ענ. |
|---|---|---|---|
| איך נעמ | מיר, זיי נעמ—ענ | נעמ—ענ | גענומ—ענ |
| איך צאמ | מיר זיי צאמ—ענ | צאמ—ענ | |

2. באטראַכט די לעצטע קלאַנגען פון דער ערשטער פערזאָן איינצאָל, איצט. צײַט.

3. פרוּווט אויספירן אַ קלאַל, ווען וועט זײַן דער סופיקס ־ען און ווען ־ן.

**אויספיר.** די ווערבן, וואָס זייער I פערזאָן פון דער איצטיקער צײַט, איינצאָל ענדיקט זיך מיט אַ וואָקאַל, מיט אַ דיפטאָנג מיט מ, נ, נג, נק און ל, פאַר וועלכן עס איז ניטאָ קיין וואָקאַל (טראַפּבילדנדיקער), האָבן אין מערצאָל פון איצט. צײַט, אין אינפיניטיוו און אין פּאַרטיציפּ דעם סופיקס ־ען.

**אויפגאַבע 1.** דערקלערט, ווי איז דער סופיקס פון די ווערבן אין די פאָלגנדיקע זאַצן, ־ן אָדער ־ען.

עס **סוידען** זיך פעלדער מיט זײַדענע רוישן, **פלאַפלען** פאַרכאָלעמט אין ראָזלעכן פרי (גילד.). איז אַ גרויסער יאָנטעוו הײַנט אף יעדן הויף, **בושעווען** די לידער, **פרייען** זיך די בליקן (פעפ.). מע האָט געבראַכט אַ טראַקטער—פרייט זיך דער ארום, **בונטעווען** די לידער, **פרייען** זיך די לידער (פעפ.). דער פורמאַן וועט אויסקערעווען דעם פערד. די פייגעלעך **פישטשען**. אַ גאַנצע וואָך **האָרעווען** מיר דאָך. יאָנטעוו דאַרף מען **רוען**.

**אויפגאַבע 2.** טראַכט צו אייניקע ווערבן, וואָס אפן סאָף הערט זיך באַ זיי ־ען, און אינדערעמעסן איז דער סופיקס זייערער ־ן.

**אויפגאַבע 3.** קלײַבט צו אייניקע ווערבן מיטן סופיקס ־ען און דערקלערט באַ יעדערן פון זיי פאַרוואָס איז דאָרט ־ען.

# פערי־פראַסטישע ווערבן. פאַסיוו.

## אַרבעט 40.

דער פערד האָט אַ צי געטאָן דעם וואָגן סנאָפּעס באַרג־אַרופ. עס איז מיד בימעס געוואָרן ארומגיין ליידיק. מיטאַמאָל האָט אַ גאָס געטאָן אַ רעגן. ער האָט אַ קוק געגעבן, אַז עס האַלט שמאָל, האָט ער זיך געלאָזן לויפן. עס איז געקומען צו פאָרן אַ גאַסט. האָט ער געבראַכט צו פירן מאַטאָנעס. דער בריוו איז געשריבן געוואָרן אין כוידעש מאַרט. ער האָט ליב באַקומען אַ פידעלע.

1. מאַכט איבער די פראַזעס אין דער קומענדיקער צײַט און שרײַבט אַראָפּ די פולע אינפיניטיוון פון די ווערבן, צ. ב. דער פערד האָט אַ צי געטאָן—דער פערד וועט אַ צי טאָן.

2. מיט וואָס שיידן זיך אונטער אָט די אינפיניטיוון פון אַנדערע אינפיניטיוון?

3. ווי זאָל מען באַטראַכטן דידאָזיקע ווערבן, ווי באַזונדערע ווערטער מיט באַזונדערע אינהאַלטן, אָדער, ווי צונויפזאַצן, וואָס גיבן איבער איין אַלגעמיינעם אינהאַלט?

**אויספיר.** דידאָזיקע ווערבנ זײַנענ צונויפגעזעצט פונ צוויי אונ אמאָל פונ דרײַ אונ מער ווערטער. דאָס זײַנענ באזונדערע ווערטער, וואָס פארייניקנ זיכ אונ גיבנ איבער איינ אלגעמיינעמ אינהאלט.

אזוינע ווערבנ ווערנ אָנגערופנ **פעריפראסטישע ווערבנ.** (מאסקימ זײַנ; מיעס ווערנ; געשריבנ זײַנ; געשריבנ ווערנ; א קלאפּ טאָנ; א קלאפּ געבנ; ברענגענ צו פירנ; ליב האָבנ; פײַנט קריגנ א. אנ.).

די פעריפראסטישע ווערבנ, וואָס שטעלנ זיכ צונויפ פונ דעמ פארטיציפּ + „ווערנ" אָדער „זײַנ", הייסנ **פאסיווע ווערבנ.**

**אויפגאַבע 1.** פונ די פאָלגנדיקע פראזעס טיילט אויס די פעריפראסטישע ווערבנ.

ליד אונ בוכ, ביקס אונ ברוסט,—גאָר די וועלט באפרײַט זײַנ מוז (קוויט.). כ'האָב ליב באקומענ רעלסנ אונ וואגאָנענ (שטור.). ווענ אָ, ווענ ווערט מע א נעמ טאָנ אָט דעמ קייסער אונ שווערערהייט א בראָכ טאָנ דורכנ טיר (כאר.). ווערט חענ עס איז א האס א שפּאר טאָנ דורכנ זינענ, אונ שטרענג אונ שארפ א שניט טאָנ איבער הארצ (כאר.). טו א טאנצ אונ טו א קלונג מיט די קייטנ אפ די פיס (לייוו.). די טיר האָט זיכ געעפנט אונ האנט האָט נאָכ א ברויט אזא געבראכט צו טראָגנ (לייוו.). מיטנ קריגל טיי אינ האנט, גיב א טאנצ אונ גיב א טרונק (לייוו.). האָט איינער א פאטש געגעבנ אינ טיש ארײַנ (ווייסנ.).

**אויפגאַבע 2** אנשקעגנ יעדערנ פונ די ווערבנ, וואָס ווערנ דאָ פאָרגעלייגט, בילדעט אויס פעריפראסטישע ווערבנ.

| | | | |
|---|---|---|---|
| זאָגנ — | א זאָג טאָג, געבנ א זאָג | שמירנ — | |
| יאָגנ — | | קלאפּנ — | |
| ליבנ — | | פאטשנ — | |
| מאכנ — | | דינגענ — | |
| שרײַבנ — | | אופהויבנ — | |
| פירנ — | | אראָפּלאָזנ — | |
| טראָגנ — | | ארופציענ — | |

**אויפגאַבע 3.** בילדעט אויס פונ די אויבנאָנגעוויזענע ווערבנ פעריפראסטישע ווערבנ מיט דער הילפ פונ די ווערבנ „ווערנ" אָדער „זײַנ" (פאסיווע ווערבנ).

**אויפגאַבע 4.** פארבײַט די ווערבנ פונ די פאָלגנדיקע פראזעס אפ פאסיווע. בויט איבער די פראזע, אײַנהאלטנדיק אינ אלגעמיינ דעמ פריערדיקנ אינהאלט. צ. ב.

די קינדער זאמלענ געלט לעטויוועס מאָפּר = דאָס געלט ווערט געזאמלט דורכ די קינדער לעטויוועס מאָפּר.

מײַנ כאווער האָט געלייזט א שווערע אופגאבע. דער פּראָלעטאריאט חעט באפרײַענ די וועלט. מע האָט צונויפגערופנ אפ הײַנט א פארזאמלונג. אלע אָוונט

זינגט מען בא אונדז לידער. נײַע קליידער וועלן מיר קויפן פאר געלט אין זו־מערדיקן לאנד (לייוו.). האָט מען ליכטיקע יונגען פארטריבן אין קויטיקע שטאָל (קאה.). בײַטן מיר דעם אקער־קלונג אפ א שווערד א שארפן (קוו.). דעם שע־דיקער נעמט מען אראָפּ פון דער ארבעט. דעם פארברעכער האָט מען פארשיקט אין ווײַטע קאנטן. שוויס האָט פעלדער אָנגערירט שוין (מארק.). דער טראקטער אקערט די ערד. מע ציילט און מע רעכנט די טעג און די וואָכן.

# מ אָ ד ו ס ן.

## אָ ר ב ע ט 41.

עי, לאָמיר גיין, לאָמיר גיין, לאָמיר דאָ איבערלאָזן די שוואכע (קול.). פיניע זאָל ניט האָבן קײַן דרייקאָפּ, וואָלט ער געקאָנט מאכן א לעבן (ש.—א.). וואָלטן אזוי וייניק מענטשן, ווי פערד אין טראמווײַ געווען, וואָלט עפשער אמאָל עמע־צער געפרעגט: ווו איז באָנציע אהינגעקומען? (פ.). כאלט איך גיין אין קלוב, וואָלט איך דאָך געהערט דעם קאָנצערט. וויקלט פאנאנדער די פאָנען די רויטע (חינטש.). העי, טראָמפּייטן, העכער שאלט! וואָלקנס שמעטערט! וואָלקנס שפּאלט! ברעכט די כורוועס אלט (בראד.) אך, העמערל, העמערל קלאפּ! שלאָג שטארקער א טשוועק נאָך א טשוועק! (רייז.) לאָמיר זיך נעמען פאר די הענט און לאָמיר גיין א טענצל. כאלסטו נעכטן פארגיין, וואָלסטו מיך געטראָפן אינדערהיים. כאלט איך דאָס וויסן.

1. באשטימט אין וועלכע פון די איבנגעבראכטע פראזעס איז יאויסגעדריקט באפעל, פאָרשלאג, טנאַי באדויערונג, געבעט.

2. טיילט אײַן די ווערב־פאָרמעס פון די ווערבן אין פאָלגנדיקע רובריקעס:

| באפעל | געבעט | פאָרשלאג | טנאַי | באדויערונג אָדער פארדראָס |
|---|---|---|---|---|
| גייט! זאָל ער גיין! | גייט, גייט־זשע | | | |

3. באמערקט, וועלכע רובריקעס פאלן צונויף.

4. ווי אזוי קען מען אונטערשיידן? (לויטן טאָן).

5. ווי זײַנען צונויפגעזעצט דידאָזיקע ווערב־פאָרמעס?

6. וויפל פאָרמעס קען האָבן דער באפעל־מאָדוס?

7. וויפל פערזאָנען ווערט אויס דער פאָשטעטער באפעל־מאָדוס און וויפל דער צונויפגעזעצטער?

**אויספיר.** די פאָרמעס, וואָס דער ווערב נעמט אָן, קעדיי צו אויס־דריקן באפעלערישקײַט, פאָרשלאג, באגער, האפענונג, טנאַי, באדויערונג, פאר־דראָס, ווערן אָנגערופן מאָדוסן.

מיר האָבן פאָלגנדיקע מאָדוסן: באפעל־מאָדוס, פאָרשלאג־מאָדוס, באגער־מאָדוס, האשאָרע־מאָדוס, טנאַי־מאָדוס, באדויערונג־ און פארדראָס־מאָדוס.

די מאָדוסן שטעלן זיך צונויף פון איינעם פון די הילף־ווערבן **זאָל, לאָז, וואָלט, כאלט + אינפיניטיוו** אָדער **פארטיציפ.**

איינקע מאָדוסן פאלן צונויף אין דער פאָרמע. אזוי צ. ב. פאלן צונויף דער באפעל־מאָדוס מיטן טנאַי־מאָדוס און אונטערשיידן קען מען זיי נאָר לויט דער אינטאָנאציע.

**דער באפעל־מאָדוס** האָט צוויי פאָרמעס: א **פּאָשעטע** און א **צונויפגעזעצטע.** די פּאָשעטע פאָרמע האָט מער ניט, ווי די II פּער־זאָן אין איינצאָל און מערצאָל.

**אויפגאַבע 1.** טראכט צו צו פינף ביישפּילן פאר יעדער מאָדוס.

**אויפגאַבע 2.** שרייבט ארויס פון די ביכער, וואָס איר וועט הײַנט לייענען, ביישפּילן פאר די מאָדוסן.

**אויפגאַבע 3.** שרייבט אן ארבעט אף דער טעמע „ווען איך וואָלט..."

**אויפגאַבע 4.** שטעלט אף דער ליידיקער זייט פון קלאמער אנטקעגן פּאר־טיציפּ און אינפיניטיוו פארשיידענע הילפווערבן (וועל, פלעג, זאָל א. אנ.), פאָרמו־לירט, וועלכע פאָרמעס פון ווערב בילדן זיך אויס מיט דער הילף פון פּארטיציפּ און אינפיניטיוו און זאָגט, ווו ליגט דער גרונט־אינהאלט פון דעם ווערב, און ווו ליגט די באדייטונג פון צייט, מאָדוס, פערזאָן און צאָל.

| איך בין | | איך וועל | |
|---|---|---|---|
| ........ | געגאַנגען | ........ | גיין |
| ........ | | ........ | |
| ........ | | ........ | |
| ........ | | ........ | |

# V. די באַטײַטנ פונ די װערב־פאָרמעס אינ דער פראַזע

## דיִ באטײטנ פונ דער פאָרמע פונ איִצטיִקער צײט איִנ דער פראַזע.

### אַרבעט 42.

1) דער בוכ ליִגט אפנ טיש.
די זונ גײט אופ אינ א װאָלקנ.

אָדעס ליִגט בא א יאמ.
די זונ גײט אופ אינ מיזרעכ.

1. אינ װעלכער פונ די פראזעס באטײַטנ די אונטערגעשטראָכענע װערבנ א טװונג אָדער א צו־כטאנד, װאָס קומט פאָר איצט? אונ װאָס באטײַט די איצטיקע צײַט אינ די פראזעס פונ דער אנדער זײַט?

2) איכ שטײ באמ פענצטער
אונ זע, אינדערהױכ
פליִט אנ עראָפלאנ.

נעכטנ שטײ איכ באמ פענצטער
אונ זע, אינדערהױכ
פליִט אַנ עראָפלאנ.

1). װאָס איז דער באטײַט פונ דער איצטיקער צײַט אינ דער רעכטער אונ לינקער זײַט?
2. צוליב װעלכנ װאָרט האָבנ די אונטערגעשטראָכענע װערבנ אינ דער לינקער זײַט באקומענ א נײַעמ באטײַט?

3) איכ פאָר אָפ אפ
א האלבע שאָ, זײַט געזונט!
איכ זיִצ אונ שרײַב דיר
א בריװ.

זײַט געזונט, זײַט געזונט,
מאָרגנ פאָר איִכ אָפ.
באלד שרײַב איכ דיר
א בריװ.

1. װאָס איז דער באטײַט פונ דער איצטיקער צײַט אינ דער רעכטער אונ לינקער זײַט?
2. צוליב װעלכע װערטער האָבנ די אונטערגעשטראָכענע װערבנ אינ דער לינקער זײַט באקומענ א נײַעמ באטײַט?

4) איכ לערנ זיִכ שרײַבנ.

לערנ איִכ זיִכ שרײַבנ, װאָלט איכ געקענט.
װענ איִכ לערנ זיִכ שרײַבנ, װאָלט איכ געקענט.

די ווינסט אין א גוטן צימער.

ווען די ווינסט אין א גוטן צימער,
וואָלסטו געזינטער געווען.
ווינסטו אין א גוטן צימער,
ביזטו געזינטער.

1. וואָס איז דער באַטײַט פֿון דער איצטיקער צײַט אין דער רעכטער און לינקער זײַט?
2. ווי איז שענער, בילדערישער „נעכטן בין איך געשטאַנען באַם פֿענצטער א. א. וו.״ אָדער „נעכטן שטיי איך באַם פֿענצטער א. א. וו.״, „מאָרגן פֿאָר איך אָפּ״, אָדער „מאָרגן וועל איך אָפּפֿאָרן״.
פֿאָרמולירט, וועלכע באַטײַטן קען באַקומען די פֿאָרמע פֿון דער איצטיקער צײַט אין דער פּראָזע, און וואָס גיט עס דער שפּראַך.

**אויספֿיר.** די פֿאָרמע פֿון דער איצטיקער צײַט קען באַקומען אין דער פּראָזע פֿאַרשיידענע באַטײַטן:
1) באַטײַט פֿון שטענדיקײַט, צ. ב. אין וואַלד וואַקסן ביימער.
2) באַטײַט פֿון פֿאַרגאַנגענהײַט, צ. ב. איינמאָל גיי איך אין וואַלד.
3) באַטײַט פֿון צוקונפֿט, צ. ב. מאָרגן גיי איך אין וואַלד.
4) באַטײַט פֿון טנײַ, צ. ב. ווען איך גיי אין וואַלד, וואָלט איך געהערט דעם סאָלאָוויי, און נאָך אַנדערע באַטײַטן.
דאָס מאַכט בילדערישער און לעבעדיקער אונדזער שפּראַך.

**אויפֿגאַבע 1.** דריקט אויס דעם אינהאַלט פֿון די פֿאָלגנדיקע פּראָזעס דורך דער פֿאָרמע פֿון דער איצטיקער צײַט.

ווי נאָר עס ווערט אראָפּ דער לעצטער שניי, ווערט זיך אָנהויבן די אַרבעט אין פֿעלד. ווען איך וואָלט געהאַט געלט, וואָלט איך זיך געקויפֿט ביכער. איינמאָל, אַז איך בין געגאַנגען אין גאַס, האָב איך געזען מענטשן לויפֿן. ווי נאָר ס'וועט פֿאַלן דער ערשטער רעגן, וועלן אַרויסשפּראָצן יונגע גרעזלעך.

**אויפֿגאַבע 2.** באַשטימט, אין וואָס פֿאַר א באַטײַט ווערט געברויכט די איצטיקע צײַט אין פֿאָלגנדיקע פֿראַגמענטן. גיט איבער דעמזעלבן אינהאַלט אין דער פֿאָרמע פֿון אַן אַנדער צײַט אָדער מאָדוס.

אַז פּיניע איז אַרײַנגעקומען אין שאַפּ, קומט אים דער הייסינער שנײַדער אַקעגן. ער שטעלט אוועק אָפּ אים די שאַרפֿע ברילן, ציט־אויס פּיניען א יאַד אין מאַכט צו אים: „העללאָ, לאַנדסמאַן! האַו דו יו דו?״... דאָס הייסט: „שאָלעם־אַלייכעם, וואָס מאַכט איר, רעב קאָרעוו?״ (ש.־אל.).

דערפֿאַר, זאָגט עליע, איז אַן אָנבײַסן ברעקפֿיס, ווײַל צום אָנבײַסן עסט מען פֿיש אָדער הערינג. זאָגט פּיניע: „וויבאַלד, אַז הערינג, פֿאַרוואָס־זשע זאָגט מען ניט: „ברעקהערינג״? זאָגט אים עליע: „בעהיימע וואָס דו ביסט! און וואָס איז א הערינג ניט קיין פֿיש?״ פֿילט זיך פּיניע, אַז ער איז געשלאָגן, זאָגט ער: „ווייסטו וואָס? לאָמיר פֿרעגן בא אַן אַמעריקאַנער ייִדן!... און מע פֿילט זיך ניט און מע שטעלט אָפּ א געגאָלטן ייִדן אינמיטן גאַס (שאַבעס איז דאָס געווען) און מע

גיט אים א פרעג אפ א משיקאוועס: „פעטער, איר זײַנט שוינ לאנג אינ אמעריקע?"
זאָגט ער: „דרײַסיק יאָר, וואָס איז דענ?"... זאָגנ זיי: „מיר ווילנ אײַך עפּעס פרעגנ. גיט אונדז צו פארשטיינ, פארוואָס זאָגט מענ בא אײַך אפ אָנבײַסנ ברעק־פיש?" קוקט זיי אָנ דער ייִד און זאָגט צו זיי: „ווער האָט דאָס אײַך געזאָגט אז אפ אָנבײַסנ זאָגט מענ בא אונדז ברעקפיש"? „ווי אזוי־זשע דענ זאָגט מענ"?
— ברעקפעסט! ברעקפעסט! ברעקפעסט!—שרײַט זיי אויס דרײַ מאָל דער ייִד גלײַך אינ פּאָנעם ארײַנ און איז זיי מעכאבעד מיטנ נאָמענ „גרינע כײַעס"...
(ש.־אל.).

**אויפגאַבע 3.** באשטימט, אינ וואָס פאר א באטײַט ווערט דאָ געברויכט די איצטיקע צײַט. גיט איבער דעמזעלביקנ אינהאלט אינ דער פאָרמע פונ אנטשפּרעכיקנ מאָדוס.

ווענ איך האָב געטוג צײַט, אָ, ווענ איך האָב גענוג צײַט! טראַכט, וואָס איך טו? איך נעם זיך מיר גלײַך באארבעטנ מײַנ גאנצ גרויסנ גאָרטנ און פארלאָז זיך שוינ ניט אפ מײַנ אלטער מאמענ, וואָס ווייס קיינ האָר ניט, ווי צו באגיינ זיך מיט אים. איך גרייט צו אלע מאכשירים צו באארבעטנ אים, אזוי, אז אלע קומענ צו מיר לערנענ זיך. בייטנ מאך איך מיר קורצע און פלאכע, ווי ס'ע פּאסט פאר אונדזער ערד, זוימענ לייג איך די בעסטע, באגיס און יעט אים טאָג־טעג־לעך. אָ, ווענ איך האָב צײַט, טו איך עס און באנוגנ זיך שוינ ניט מיט די עט־לעכע בייטלעך, וואָס די מאמע האָט מיר אויסגעטיילט.
צײַט מוז ווערנ! איך נעם זיך!

**אויפגאַבע 4.** באשטימט, וואָס פאר א באטײַט האט די איצטיקע צײַט אינ דער פאָלגנדיקער ליד, וויבאלד זי הויבט זיך אָנ מיט די ווערטער „אלע טאָג".

אלע טאָג, ווענ כ'קום א מידער פונ דער ארבעט,
ווענ כ'גיי מיר דורכ די ראָגנ רוישיקע פונ שטאָט,
פליט א ווינטעלע ארײַנ אינ מײַנע ארבל
און ס'באגלייט מיך ביז דער היים א שאָטנ.

כ'קום אהיים א מידער פונ דער ארבעט,
איז מײַנ היים מײַנ אייגענע ניט פרעמד מיר.
איך ווארפ אראָפּ פונ זיך די שטיוול און די פארבנ,
וועלכע נעצנ דורכ מײַנ לײַב און העמדל.
(מ. טייפ).

**אויפגאַבע 5.** שרײַבט אָנ צו פינפ זאצנ אינ דער פאָרמע פונ איצטיקער צײַט מיט פאָלגנדיקע באטײַטנ: 1) שטענדיקײַט, 2) פארגאנגענהײַט, 3) צוקונפט, 4) טנאַי־מאָדוס.

אויפגאַבע 6. באַשרײַבט א ווינטער־פרימאָרגן, וואָס איר געדענקט, פונקט ווי איר זעט אים איצט פאר די אויגן.

אויפגאַבע 7. שרײַבט אָן די ביאָגראַפיע פון א באַרימטן מענטשן און גיט־בראַוכט דאָרטן די פאָרמע פון דער איצטיקער צײַט, אָנשטאָט דער פאַרגאַנגענער.

אויפגאַבע 8. באַשרײַבט די געאָגראַפישע לאגע פון א וואָסער־ניט־איז לאַנד אין דער פאָרמע פון איצטיקער צײַט.

---

## די באַטײַטן פון דעם פּאַרטיציפּ אין דער פראַזע.

### אַרבעט 43.

| | |
|---|---|
| איך בין געגאַנגען<br>דעריאָגן אונדזער פאָלק. | העי, געגאַנגען, העי, געגאַנגען<br>מיר דעריאָגן אונדזער פאָלק<br>(כ. לעווין). |
| די באַלאַלײַקע האָט געדרינדזשעט. | וואָס־זשע שטייט איר? וואָס־זשע בלײַבט איר?<br>העי, געדרינדזשעט, באַלאַלײַקע!<br>(פּ. מאַרקיש). |
| איך האָב ניט געדײַגעט. | און, אז א מיידל טרײַבט א פּראָקטאָ־איז דאָך גאָר שוין—ניט געדײַגעט! |

1. פאַרגלײַכט דעם באַטײַט פון דעם פּאַרטיציפּ אין די פראַזעס פון דער רעכטער און לינקער זײַט.
2. וואָס פאַר א באַדײַט האָט דער פּאַרטיציפּ אין די פראַזעס פון דער לינקער זײַט?

## די באַטײַטן פון דעם באַפעל־מאָדוס אין דער פראַזע.

### אַרבעט 44.

| | |
|---|---|
| ווײַז מיר, ווי מע שרײַבט א נאָטיץ. | ווײַז אים, וועט ער וויסן. |
| האַלט ריין די הענט. | האַלט ריין די הענט וועסטו זײַן געזונט. |

1. וואָס איז דער באַטײַט פון דעם באַפעל־מאָדוס אין די פראַזעס פון דער לינקער זײַט?

**אויספיר.** אויך דער פּאַרטיציפּ און דער באַפעל־מאָדוס קענען אין דער פראַזע באַקומען נײַע באַטײַטן. דער פּאַרטיציפּ קען האָבן דעם באַטײַט פון באַפעל־מאָדוס (העי, געגאַנגען!), דער באַפעל־מאָדוס קען האָבן דעם באַטײַט פון טנאַי (גיב מיר פּאַפּיר, גיב איך דיר א פען).

**אויפגאַבע** 1. צו יעדערן פון די אונטנאָנגעוויזענע פּאַרטיציפּן טראַכט צו צוויי פראַזעס, אין איינער זאָל דער פּאַרטיציפּ בלײַבן בא זײַן געווײנטלעכן באַטײַט, אין דער אנדערער זאָל ער האָבן דעם באַטײַט פון באפעל.

געלאָפן. ניט געיאָגט. ניט געאײַלט זיך. ניט געכאפּט זיך. אוועקגעגאנגען. אָפּגעטראָגן זיך. א זעץ געטאָן. א נעם געטאָן. ניט געשוויצט. געאַרבעט.

**אויפגאַבע** 2. פּרוּווט זיך אַרײַנשטעלן דעם באפעל־מאָדוס פון די פאָלגנדיקע ווערבן אין אזוינע פראַזעס, ווו ער זאָל באַקומען דעם באַטײַט פון טנײַ זייען—[זײַ דעם גאָרטן (באפעל). זײַ אין דער צײַט, וועסטו האָבן, וואָס צו שנײַדן = אויב דו וועסט זייען אין דער צײַט, וועסטו האָבן, וואָס צו שנײַדן (טנײַ)].

זאָגן. ריידן. שלאָגן. שפּײַען. שרײַבן. לערנען.

**אויפגאַבע** 3. גיט איבער דעם אינהאַלט פון די פאָלגנדיקע שפּריכווערטער אין דער פאָרמע פון באפעל־מאָדוס.

## שפּריכווערטער

1. אז מע זוכט א באָנדער, געפינט מען א גלעזער. =
2. אז מע נעמט אראָפּ די סמעטענע, בלײַבט די זויערמילך. =
3. אז מע קלאַפּט אפן טיש, רופט זיך אָפּ די שער. =
4. לאָזטו א הונט אפן באנק, וועט ער שפּרינגען אפן טיש. =
5. וועסטו האָרעווען, מיידעלע, וועסטו האָבן א קליידעלע. =

# די באַטייטן, וואָס די פערזאָן־פאָרמעס באַקומען אין דער פראַזע.

## אַרבעט 45.

### 1) צווייטע פערזאָן.

איך וואַרף אַן אויג אָפּ דיר
דו וואַרפסט אַן אויג אָפּ מיר.
איך אַרבעט אַפּן זאַוואָד,
דו אַרבעטסט אַפּן פאַבריק.

ווו דו וואַרפסט אַן אויג, איז סטעפּעס,
ווו דו וואַרפסט אַן אויג, איז פעלדער.
(מאַרקיש).
אַרבעטסטו, דאַרפסטו באַקומען לוין!

1. פאַרגלײַכט דעם באַטײַט פון די ווערבן מיט דער פאָרמע פון צווייטער פערזאָן אין די פראַזעס פון דער רעכטער און לינקער זײַט.

2. צי איז דער אינהאַלט פון דעם ווערב מיט דער פאָרמע פון צווייטער פערזאָן אין דער לינקער זײַט דאַפקע „דו“, אָדער דאָס געהערט אַלצײנס צו יעדער פערזאָן און צו אַלעמען בּיכלאַל?

## ● דריטע פערזאָנ.

ארבעטסטו,
ארבעט ווי א שלאָגלער.
חילסטו קענענ,
לערנ זיכ.

ארבעט מענ,
דארפ מענ ארבעטנ ווי שלאָגלער.
חיל מענ קענענ,
דארפ מענ זיכ לערנענ.

1. פארגלײַכט די חערב־פאָרמעס פונ דער רעכטער אונ לינקער זײַט אונ באשטימט זייער אלגע־מיינעם באטײַט.

**אויספיר.** די פאָרמע פונ דער צווייטער פערזאָנ פונ די ווערבנ, ווי אויכ די צווייטע פערזאָנ (דו), קענענ האָבנ אינ זאַצ דעמ באטײַט ניט נאָר פונ דער צווייטער פערזאָנ („דו"), נאָר אויכ דעמ באטײַט פונ „איכ", „ער", „מיר", — „איר", „זיי" — אלע ביכלאל. אז מיר זאָגנ „ארבעטסטו, דארפסטו באקומענ דײַנ לוינ", מיינענ מיר ניט דאפקע „דו", נאָר ווער עס זאָל ניט ארבעטנ, דארפ באקומענ זײַנ לוינ, אלציינס, איכ, דו, ער, מיר, איר, זיי, יעדערער אונ אלע ביכלאל.

דעמזעלבנ אינהאלט פונ אלגעמיינער אונ אומבאשטימטער פערזאָנ קענ מענ אויסדריקנ דורכ דער ווערב־פאָרמע פונ III פערזאָנ, בײַטנדיק „ער" אפ „מע".

**אופגאַבע 1.** באשטימט, אינ וועלכער פונ די ווײַטערדיקע פראזעס האָבנ די פערזאָנ־פאָרמעס זייער אייגנטלעכע באדײַטונג, אונ ווו האָבנ זיי א פאראלגעמיינערטע באדײַטונג.

אינ וואלד געפינסטו אסאכ שווימענ. מ'לאָזט זיכ אוועק קיינ יעהופעצ, אָדער קיינ אָזיעס, מע וואלגערט זיכ אויס אפ אלע בוידעמס, עסנ עסט מענ מאקעס מיט בכוירעס, אונ פארבײַסנ פארבײַסט מענ מיט קאדאָכעס, גאנצע כאדאָשימ קוקט מענ ניט אָנ קיינ שטיקל פלייש אינ די אויגנ, מע לייגט זיכ צונויפ זעקס פארשווינדלעכ אפ איינ בולקע מיט א הערינג אונ — הוליע קאפצנ!... (ש.־אל.). די צײַט שטייט ניט, איידער דו קוקסט זיכ ארומ איז שוינ דער טאָג אראָפ. עס קוקט די לעוואָנע פונ הימל אראָפ. פאר געלט קויפסטו קיינ סייכל ניט. הויבסטו אָנ אנ ארבעט, דערפיר זי ביזנ סאָפ. יאָג זיכ ניט נאָכ מער, נאָר יאָג זיכ גלײַכ נאָכ מער אונ בעסער. קוקט קאָמאנדיר אפנ פישער: — וואָס חילסטו דאָ פויער?... בא בלוט פונ די יונגענ, געקוילעטע יונגענ, דאָ שווער איכ. גלויבסטו נאָכ אלצ ניט? דו דארפסט, קאָמאנדיר, דענ נאָכ מערער? (פינינ.).

**אופגאַבע 2.** גיט איבער דעמ אינהאלט פונ די שפּריכווערטלעכ אינ דער פאָרמע פונ דער צווייטער פערזאָנ.

## שפּריכווערטער.

1. אז מע האקט האָלצ, פאלנ שפּענער. —
2. אז מע קריכט ארײַנ אינ א בלאָטע, איז שווער ארויסצוקריכנ. —

3. אז מע רעדט, דערעדט מען זיך. ==
4. עסט מען ברויט, דארף מען וויסן פארוואָס. ==
5. אַ קלוגן זאָגט מען אפּן ווונק. ==
6. איידער מע האָט געכאַפּט דעם בער, שינדט מען ניט ווײַן פעל. ==
7. ווערטער זאָל מען וועגן און ניט ציילן. ==
8. אז מע האָט נעכטן געגעסן, איז מען היינט ניט זאט. ==

# VI. סובסטאַנטיוו

## אַרטיקל. סובסטאַנטיוו.

**אַרבעט 46.**

### רוט דער האַמער.

העגנט דער הימל יונג און צאַרט,
זינגען גראַבערס דאָ באַנאַכט,
שווימט אַ שטילע אָוונט־שאָ,
הערט מען זינגען דאָרט און דאָ.

ניט קיין בראָנפן, ניט קיין ביר,
ס'איז פון שענק פאַרהאַקט די טיר.
רוט דער האַמער, רוט די האַק
אין אַ ווינקל, אין באַראַק.

און די גראָבערס זיצן שפּעט,
מע דערמאָנט באַקענטע שטעט:
— עך, האָט מען אַמאָל געיאָגט! —
האָט אַ גראָבער שטיל געזאָגט.

אַפן דניעפּער שלאָפט די נאַכט.
זאָגט אַ דײַטש צו זיי פאַרטראַכט:
— „אין מײַן לאַנד איז אַלעס דאָ,
נאָר אַזעלכע הענט ניטאָ“.

לאַנצט אין פעלד אַ נײַע גאַס,
רוישט די סטאַנציע קיטשקאַס,
שטייען לאָפּעטעס פאַרטראַכט,
זינגען גראָבערס דאָ באַנאַכט.

(אי. פעפער. „דניעפּערבוי“).

1. שרײַבט אַראָפּ פון דער ליד די ווערטער דער, די, אַ, אַן, קיין, אינאיינעם מיט די ווערטער, צו וועלכע זיי געהערן.

2. שרײַבט אראָפּ אנדערע ווערטער פון דער ליד, צו װעלכע איר װאָלט געקענט צושטעלן איינעם פון די ווערטער דער, די, דאָס, א, אַן, קיין.

3. באמערקט, צי שטייען טאקע די ווערטער „דער", „די", „דאָס", „א", „אַן", „קיין" הארט לעבן די ווערטער, צו וועלכע זיי געהערן.

4. וואָס באצייכנען די ווערטער, וואָס קומען מיטן ארטיקל (זאַך, טוּונג, סימן)?

**אויספיר.** די ווערטער **דער, די, דאָס, א אַן. קיין** הייסן **אר-טיקלען.**

די ווערטער, וואָס צו זיי געהערט דער ארטיקל אין דער פּראָזע, אָדער ווערטער, צו וועלכע מע קען צושטעלן אַן ארטיקל, הייסן **סובסטאַנטיוון.**

דער סובסטאַנטיוו איז דאָסראָוו א נאָמען פון א זאַך, אָדער א נאָמען פון דאָס, וואָס עס שטעלט זיך אונדז פאָר, ווי א זאַך (טיש, שטול—זאַכן; א יאָגעניש, א געלאָפּ—שטעלן זיך אונדז פאָר ווי זאַכן).

אין דער פּראָזע קען דער ארטיקל שטיין ניט הארט באַם סובסטאַנטיוו, אָבער אלעמאָל שטייט ער פאַר אים און געהערט צו אים.

**אויפגאַבע 1.** פון די פאָלגנדיקע לידער קלײַבט אויס די סובסטאַנטיוון לויטן סימן פון ארטיקל (צושטעלנדיק).

* * *

עס קלינגט און בלאַנקט אין ברייטן טאָל,
און קלינג און קלאַנג פון שארפן שטאָל
פארגייט זיך אין די קאָסעס...
ווי און זון און שטיקער גאָלד
רינט פון הויך און פאַלט אין טאָל,
צעמישט זיך מיט די גראָזן.

(כאריק).

## הונדערטער זאַוואָדן.

אונדערטער זאַוואָדן, הונדערטער פאבריקן,
אונדזער בלוט און זאַפט,
הינטער אלע שטעטלעך, הינטער אלע בריקן
וואַרטן אַף דײַן קראַפט.
צונדזערע זאַוואָדן קאָנען שוין געניסן
אי פון גרויסן אוּמרו, אי פון גרויסער רו,

זאָל די נאַפט זיך צאַפּן, זאָל די נאַפט זיך גיסן
אין באַקו.
אין אַ לאַנד אַזוינעם איז ניטאָ קיין שוועלן,
אייגענע מאַשינען דרייען זיך פאַרשייט;
איז די גרעסטע קויכעס פון די טיפסטע קוועלן
שיק זיי צוזערצייט.
ווען מען פּליוסיק גיסן, ווען מען פּליוסיק שיקן
אין ציסטערנעס גרויע פליסנדיקע נאַפט,
הונדערטער זאַוואָדן, הונדערטער פאַבריקן
וואַרטן אַף דיין קראַפט.

(אי. פעפער. „דניעפּערבוי").

**אויפגאַבע** 2. באַשטימט, צו וועלכן פון די ווערטער אין דער פּראָזע געהערט דער אַרטיקל.

גייט אויף פון פייכטער ערד ביז הימלדיקע הויכן אַ העלער און אַ זומערדיקער רויך (כאַר.). נאָך שלאָפט די גרויע גאַס אין קעלט און שניי געשמידט (מ. לייב.). דאָס איז די אַלטע, קאַלטע, גרויע ווינטער־נויט (מ. לייב.). מיר וועלן די הויכע, די פינצטערע וואַנט צעברעכן, צעברעכן! (א. רייז.). אין לאַנד פון דעם קאַלטן און פינצטערן צאָפן, אין לאַנד, ווו עס הערשן די שרעקלעכע ווינטן (קוויט.). אַפן פּלאַץ, וואָס נעבן קלויסטער, ראַשט דאָס אויפגעשטאַנענע פאָלק (קוויט.). ברודיקע האַרבסט־טרערן זייַנען גערונען איבער די נאַסע פאַרבלאָזענע שויבן (בערג.). נאָכדעם איז אַ קאַלטער און שנייעדיקער אָוונט געווען (בערג.). אַלץ איז אַרום געווען אַזוי ברויגעז און בייז, אַפילו דער אייַנגעהויקערטער און אָפּגעקראָכענער באַק־אויוון (בערג.).

## מיטשטימונג אין פּערזאָן און צאָל. באַהערשונג.

**אַרבעט 47.**

**דער שילער (גיין) אין שול.**
**די שול (געפינען זיך) נעבן גאָרטן.**
**דער שילער (לייענען) די אַרבעט.**

1. צו וויפל סובסטאַנטיוון האָבן מיר אין יעדערער פון די פּראָזעס? שטרייכט זיי אונטער.
2. לייענט יעדערן פון די צוויי סובסטאַנטיוון מיטן ווערב (צ. ב. **דער שילער (גיין)—(גיין) אין שול** און אַזוי די איבעריקע פּראָזעס), און באַשטימט, וועלכער סובסטאַנטיוו פון די צוויי איז **ריכטיק** פאַרבונדן מיטן ווערב, און וועלכער ניט.
3. מאַכט ריכטיק די פּראָזעס און באַטראַכט, וואָס פאַר אַ פּערזאָן־פאָרמע האָט אָנגענומען דער ווערב.

4. אַפּאָטעניק פֿון וואַסער סובסטאַנטיוו האָט דער ווערב אָנגענומען די פאָרמע פֿון דער דריטער פּערזאָן.

5. פּרוּווט בײַטן די סובסטאַנטיוון „דער שילער", „די שול" אַף „איך" און באַטראַכט, וואָס קומט פֿאָר מיטן ווערב.

6. פּרוּווט שטעלן אָנשטאָט „דער שילער", „די שול", „די שילער", „די שולן", און באַטראַכט, וואָס קומט פֿאָר מיטן ווערב.

7. ענדערט די לעצטע סובסטאַנטיוון פֿון איינצאָל אַף מערצאָל און באַטראַכט, צי וועט זיך צוליב דעם אויך דאַרפֿן ענדערן דער ווערב פֿון איינצאָל אַף מערצאָל.

**אָויספֿיר.** דער סובסטאַנטיוו קען זײַן פֿאַרבונדן מיטן ווערב אַף צווייערליי אויפֿאַנים: 1) אויב מיר וועלן בײַטן דעם סובסטאַנטיוו לויט דער פּערזאָן, אָדער לויט דער צאָל, וועט זיך צוליב דעם אויך בײַטן די פאָרמע פֿון צאָל און פּערזאָן פֿון דעם ווערב. אַזאַ פֿאַרבינדונג פֿון דעם סובסטאַנטיוו מיטן ווערב הייסט **מיטשטימונג** (דער שילער גייט). 2) אויב מיר וועלן בײַטן די צאָל און פּערזאָן פֿון דעם סובסטאַנטיוו, וועט די צאָל און פּערזאָן פֿון דעם ווערב זיך דערפֿון ניט בײַטן — אַזאַ פֿאַרבינדונג פֿונעם סובסטאַנטיוו מיטן ווערב הייסט **באַהערשונג** (גייט אין שול).

באַמערקונג. אייניקע סובסטאַנטיוון קענען האָבן אַ צווייענדיקע מיטשטימונג: אין איינצאָל און אין מערצאָל. צ. ב. **כּעוורע אַרבעטן** שטאַרק, אָדער **כּעוורע אַרבעט** שטאַרק. דאָסזעלבע קען טרעפֿן מיט דעם וואָרט אוילעם, מאַכנע, יונגוואַרג א. אַנ. דער־הויפּט, סובסטאַנטיוון, וואָס דער אינהאַלט זייערער איז קאָלעקטיוו.

**אופגאַבע 1.** אין די פֿאָלגנדיקע פֿראַזעס באַשטימט, וועלכע פֿון די סובסטאַנטיוון קומען אין מיטשטימונג מיט ווערב, און וועלכע — אין באַהערשונג. די מיטשטימונג שטרײַכט אונטער פֿונונטן, די באַהערשונג — פֿונויבן. צ. ב.

<u>די קינדער האָבן זיך צונויפֿגעקליבן</u> אין <u>קלאַס</u>. זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אַף די בענק. דער לערער האָט אָנגעהויבן די לעקציע. דער לערער האָט גע־לייענט אַ דערציילונג. די קינדער האָבן געהערט מיט אינטערעס. נאָכדעם האָט דער לערער געשטעלט פֿראַגעס.

אַנטקעגן שטוב שטייט אַ דעמב. פֿון די רעגן איז געוואָרן דאָס וואַסער גרויס. דאָס וואַסער לויפֿט מיט אַ גערויש. דער פֿרילינג איז געקומען מיט ליכט און מיט שײַן.

**אופגאַבע 2.** פֿון יעדערן פֿון די פֿאָלגנדיקע זאַצן טיילט אויס די מיט־שטימונג אַף איין שורע, די באַהערשונג — אַף אַ צווייטער. צ. ב. דער פֿערד גייט פֿון פּאַשע.

דער פֿערד ——מיטש.—— גייט

גייט ——באַהערש.—— פֿון פּאַשע.

מיר קומען באַפֿרײַען די מענטשהייט. מיר קומען באַפֿרײַען די וועלט (ראָז. מ.). מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ קאָלוירט. איך שרײַב אַ בריוו. האָט גאַס מיט אופֿרופֿן

באקלעפּט זיכ (פיש.). לאָדנ קאָמיוגיסטנ אָנ די ביקסנ (ראב.). אפנ דניעפּר שלאָפט די נאכט (פעפ.). גלאנצט איינ פעלד א גאס. קומענ טעג אפ די טײַכנ (פעפ.). פאלט די זונ אפ די כוואליעס (פעפ.). הינטערנ פענצטער שפּאנט אומ א וועכ־טער (כאר.). אינ די הימלענ שווימענ בלויע רויכנ (כאר.).

**אופגאבע** 3. פרווט סכעמאטיזירנ די אויבנאָנגעוויזענע זאצנ אפ אזא אויפנ:

מיר —מיטשטימונג— קומענ באפרײַענ
באהערשונג
די מענטשהײַט.

מיר —מיטשטימונג— האָבנ אָרגאניזירט
באהערשונג
א קאָלווירט.

# דירעקטע אונ אומדירעקטע באהערשונג.

## פרעפּאָזיציע.

**ארבעט** 48.

1) דער הימל —מיטשט.— האָט זיכ באדעקט
באהערשונג מיט
וואָלקנס. (1).

עטלעכע טראָפנס —מיטשט.— זײַנענ געפאלנ
באהערשונג אפ
דער ערד. (2).

איכ —מיטשט.— האָב אָנגעשטעלט
באהערשונג
דעמ שירעמ. (3).

1. באטראכט אפ וואָס פאר אנ אויפנ קומט פאָר די באהערשונג אינ די זאצנ 1, 2. אונ אפ וואָס פאר אנ אויפנ—אינ זאצ 3.

2. פרווט אינ די זאצנ 1, 2 לייענענ די באהערשונג אָנ די צופיפציעמיקע ווערטער „מיט“ „אפ“.

2) עטלעכע טראָפנס——זײַנענ געפאלנ
אפ
דער ערד.

עטלעכע טראָפנס——האָבנ באנעצט
די ערד.

איך——האָב אָנגעשטעלט | איך——האָב זיך פֿאַרשטעלט

מיט

דעם שירעם | דעם שירעם

1. באַטראַכט, וואָס קומט פֿאַר אין די זאַצן פֿון דער לינקער זײַט אַקעגן די זאַצן פֿון דער רעכטער זײַט, צוליב וואָס עס בײַט זיך דער אויפֿן פֿון באַהערשונג (עס איז געקומען אַ נײַער װערב).

2. באַשטימט, פֿון וואָס הענגט אָפּ דער אויפֿן פֿון באַהערשונג.

**אויספֿיר.** די באַהערשונג קען זײַן אַ **דירעקטע** (אָן אַ צונויפֿ־ציִענדיקן וואָרט) און אַן **אומדירעקטע** (מיט אַ צונויפֿציִענדיקן וואָרט).

דער צונויפֿציִענדיקער וואָרט, וואָס קומט אין דער באַהערשונג, הייסט **פּרעפּאָזיציע.**

**דער אויפֿן פֿון באַהערשונג ווענדט זיך אָן דעם ווערב.**

פֿאַראַן ווערבן, וואָס באַהערשן דירעקט (אָן אַ פּרעפּאָזיציע), פֿאַראַן ווערבן, וואָס באַהערשן אומדירעקט (מיט אַ פּרעפּאָזיציע). און פֿאַראַן ווערבן, וואָס באַהערשן אָף ביידע אויפֿנים, צ. ב. איך גיי——אין שול (מיט אַ פּרעפּאָ־זיציע). איך לייען——אַ ביכל (אָן אַ פּרעפּאָזיציע). איך זאָג——דעם כאַווער. איך זאָג——צו דעם כאַווער (אי אַזוי, אי אַזוי).

**אויפֿגאַבע** 1. סכעמאַטיזירט די פֿאָלגנדיקע פֿראַזעס און נעמט אַרויס פֿון זיי די פּרעפּאָזיציעס:

אָף די פֿעלדער זינגען ברויטן. טאַנצן הינער אָף די פּלויטן (פֿעפֿ.). איבער דער בעריאָזע הענגט אַ בריק. מיר שפּאַצירן אין די גאַסן. די אַרמיי וועט דורכ־גיין פֿאַרבײַ שול. צום ברודער איז געקומען אַ גאַסט. דאָס בילד הענגט צווישן די פֿענצטער. דער לערער האָט גערעדט וועגן דער קאָנפֿערענץ. לעבן פֿענצטער שטייט אַ טיש. די שול אַרבעט לויט אַ פּלאַן. דאָס געלט ווערט געזאַמלט לעַ־טויוועס מאָפּר. די קינדער ריידן מיקויעך דער עקסקורסיע.

**אויפֿגאַבע** 2. טראַכט צו צען פֿראַזעס מיט דער באַהערשונג אָפּן ערשטן אָרט (אָפּן זאַוואָד אַרבעטן אַרבעטער).

**אויפֿגאַבע** 3. טראַכט צו צען פֿראַזעס מיט דער מיטשטימונג אָפּן ערשטן אָרט (אַרבעטער אַרבעטן אָפּן זאַוואָד).

**אויפֿגאַבע** 4. שאַפֿט פֿראַזעס, אין זיי זאָלן אַרײַן די אונטנאָנגעוויזענע װערטער. דערנאָך באַשטימט, לויט דער באַהערשונג, וועלכע פֿון זיי זײַנען פּרעפּאָזי־ציעס, און וועלכע—ניט.

צוליב. בײַ. לויט. און. אין. איבער. דורך. ביז. צווישן. אונטער. אויב. צו. ציִ. פֿאַר. פֿון.

# צו וואָס געהערט די פּרעפּאָזיציע, צום ווערב צי צום סובסטאַנטיוו.

## אַרבעט 49.

א. רויטאַרמייער גייען אין גאַס.
ב. אין גאַס גייען רויטאַרמייער.
ג. גייען רויטאַרמייער אין גאַס.

1. באַמערקט, וואָס פאַר אַן אויפן פון באַהערשונג האָבן מיר אין דעם זאַץ.
2. באַמערקט, באַ וועלכן וואָרט האַלט זיך שטענדיק די פּרעפּאָזיציע אין די אַלע פראַזעס.
3. פרוווט אויס אַף דעמזעלבן אויפן די פאָלגנדיקע פראַזעס און מאַכט אַן אויספיר וועגן דעם, פון וואָס פאַר אַ וואָרט איז פאַרבונדן די פּרעפּאָזיציע.

א. נעכטן איז געקומען צו יאַנקלען אַ גאַסט.
ב.
ג.
א. דער שניי פאַטשט אין פּאָנעם.
ב.
ג.

**אויספיר.** די פּרעפּאָזיציע געהערט צום באַהערשטן סובסטאַנטיוו, און ווען דער סובסטאַנטיוו בייט זיין אָרט, ציט זיך די פּרעפּאָזיציע אין דער ריכטונג פון דעם סובסטאַנטיוו.

די פּרעפּאָזיציע קען שטיין ווייט פון סובסטאַנטיוו, אָבער שטענדיק שטייט זי פאַרן סובסטאַנטיוו און שטענדיק געהערט זי צו אים.

דעם סובסטאַנטיוו קען מען אויך באַשטימען לויט דער פּרעפּאָזיציע, וואָס געהערט צו אים.

**אויפגאַבע 1.** אין די פאָלגנדיקע זאַצן דערווייזט, אַז די פּרעפּאָזיציע געהערט צום סובסטאַנטיוו.

פאַרטאָג האָט געפּויקט מיט האַרמאַטן (רעז.). אין גאַסן צעברענען זיך זונען (רעז.). טאָג איז געפאַלן אַף שטאָט (רעז.). ס'צעשיט זיך דאָס איין אונטער פיס (פינינ.). אין סאַמעטענע שאָטנס דרימלען קיפּאַריסן (פעפ.) גייען וואָלקנס אין די בערג (פעפ.). האָבן לאַנג אַף די פעלדער די שלאַכטן געהודעט (פעפ.). אַזוי פאַרשניידט זיך וועג אין פעלדער. אַזוי פאַרוואַקסט די ערד מיט טריט (שאַפּ.).

**אויפגאַבע 2.** אין די פאָלגנדיקע זאַצן באַשטימט צו וועלכן וואָרט געהערט די פּרעפּאָזיציע, [צי צו דעם וואָרט, לעבן וועלכן זי שטייט, אָדער צו אַ ווייטערדיקן.

הונדערטער זאַוואָדן, הונדערטער פאַבריקן וואַרטן אַף דיין קראַפט (פעפ.). גיט זיך מענדל דאָרט אַ פאָרע באַ די דרעמלדיקע זאַנגען (מאַרק.). גייט אים

פונ פײַכטער ערד ביז הימלדיקע הויכנ א העלער אונ א זומערדיקער רויכ (כאר.). שמעקט דער שאבעס שוינ מיט גרויער וואָכ (כאר.). עס סוידענ זיכ פעלדער מיט זײַדענע רוישנ, פלאפלענ פארכאָלעמט אינ ראָזלעכער פרי, אונ צערטלעכ זיי וויגנ אפ גאָלדענע שויסנ געקרויזלטנ ערשטלינג פונ פויערשער מי (גילד.). האָט א טאָג זיכ אויסגעשפרייט אינ פרײַענ סטעפ (אבארב.). ס'איז דאָ אזוי פיל פראָסטער לענינס ווונדער אינ אונדזער שטאָלענעם אונ וויינענדיקנ הארצ (פעפ.).

**אופגאבע 3.** אינ דער פאָלגנדיקער ליד באשטימט דעם סובסטאנטיוו לויטנ סימענ פונ ארטיקל, אָדער פרעפּאָזיציע. אויב איינער פונ די סימאָנים וועט פעלנ, פרווווט זיכ אים צושטעלנ.

## ערשטע ליד פונ די בויער.

איכ שטיי אפנ פלאצ פונ מײַנ נעכטיקער היים,
שמייכלט צו מיר יעדער ברעט, יעדער שטיינ.
פונ איינ זײַט א האמער, פונ צווייטער א זעג,
אונ קלאָר איז מײַנ אויסוועג, אונ קלאָר איז מײַנ וועג.
אינ וואָכנ פונ אומרו, אינ שאָענ פונ שרעק
זײַנענ שטעטלעכ אונ שטעט מיטנ פײַער אוועק.
אָדאָרט אפנ שליאכ, אפנ אשיקנ שליאכ
א דאכ אָנ א שטוב אונ א שטוב אָנ א דאכ.
פונ איינ זײַט א האמער, פונ צווייטער א זעג,
אונ דאָ איז מײַנ אויסוועג, אונ דאָ איז מײַנ וועג.
מיר ווינענ אינ דרויסנ, אינ דרויסנ איז וואָס?
א דאכ איז דער הימל, א בעט איז דאָס גראָז.
אָט וואַרטנ שוינ ברעטער, אָט פירט מענ שוינ ליים,
אָט שטייט שוינ א וואנט פונ מײַנ אלעמענס היים.
ס'וויגט זיכ א פענצטער, סע שמייכלט א טיר,
איכ פיל זי די שפראכ אינעם שווײַגנ צו מיר.
וועט שמײַסנ א רעגנ מיט הארבסטיקנ ווײַנ,—
נישקאָשע, נישקאָשע, א שטוב וועט דאָ זײַנ!
כ'בינ שיקער פונ אײַכ, מײַנע ניכטערע טעג.
אונ ליב איז מײַנ אויסוועג, אונ ליב איז מײַנ וועג,

(פעפער „דניעפּערבוי״).

**אופגאבע 4.** דערווײַזט לויט איינעם פונ די פריערדיקע סימאָנים, אז די ווערטער **איכ, דו, ער, מוישע, מינסק, מענטש, רעוואָליוציע, קאמפ, ארבעט, עמעצער** זײַנענ סובסטאנטיוונ.

פראגע. לויט וואָסערע סימאָנים קענ מענ באשטימענ דעם סובסטאנטיוו?

# די בויגפאלנ פונ די סובסטאנטיװנ.

**אַרבעט 50.**

| | איכ | דו | ער | זי | מוישע | דער טאטע | דער כאווער | דער פעטער |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| דער ברודער שרײַבט | מיר | דיר | אים | איר | מוישענ | דעמ טאטנ | דעמ כאווער | דעמ פעטער |
| דער ברודער ליבט | מיכ | דיכ | אים | זי | מוישענ | דעמ טאטנ | דעמ כאווער | דעמ פעטער |

1. באמערקט, וואָס קומט פאָר מיט די סובסטאנטיװנ „איכ", „דו", ווענ זיי קומענ אינ באהערשונג?
2. צי האָבנ אלע סובסטאנטיװנ אזויפיל פאָרמעס וויפל „איכ", „דו"?
3. ווענ געברויכט מענ די פאָרמע „איכ", „דו", „ער" א. א. וו.? (שאפט זאצנ מיט דידאַזיקע ווערטער, וועס איר זענ).

**אויספיר.** די פאָרמע פונ דער מיטשטימונג **אִיכ, דו** (אונ יעדער אנ־דער סובסטאנטיװ, וואָס קענ זיכ שטעלנ אפ דעמזעלבנ אָרט אינ זאצ) הייסט **נאָמינאטיװ** (זע אויבנ די רובריקעס).

די פאָרמע פונ דער באהערשונג **מִיר, דִיר** (אונ יעדער אנדער סובסטאנ־טיװ, וואָס קענ זיכ שטעלנ אפ דעמזעלבנ אָרט אינ זאצ) הייסט **דאטִיװ** (זע אויבנ די רובריקעס).

די פרמע פונ דער באהערשונג **מִיכ דִיכ** (אונ יעדער אנדער סובסטאנ־טיװ, וואָס קענ זיכ שטעלנ אפ דעמזעלבנ אָרט אינ זאצ) הייסט **אקוזאטיװ**. (זע אויבנ די רובריקעס).

דער נאמינאטיװ, דער דאטיװ אונ דער אקוזאטיװ זײַנענ די **בויגפאלנ** פונעמ סובסטאנטיװ.

**סובסטאנטיװנ, וואָס ווערנ באהערשט דורכ א פרעפּאָזיציִע, זײַנענ אלע דאטיװ [1]).**

לויט דער צאָל פאָרמעס, וואָס די סובסטאנטיװנ נעמענ אָנ צוליבנ בויגפאל, קענ מענ זיי טיילנ אפ **דרײַפאָרמִיקע** (איכ—מיר—מיכ), **צווייפאָרמיקע** (ער—אימ, מוישע—מוישענ) אונ **אײנפאָרמִיקע** (כאווער, פעטער).

---

[1]) אויסער „פונ טאטנס וועגנ", „פאר די קליינע קינדערס וועגנ"

**אויפגאַבע 1.** באַשטימט דעם בויגפאַל פון די סובסטאַנטיוון אין די פאָלגנדיקע זאצן.

איך גיי אין שול. די שול געפינט זיך אפ לעניו־גאַס. דער סטעפּ האָט זיך מיט גרינס באַדעקט. פון סטעפּ טראָגט א ווינטל. גייט זיך מענדל צוריק דערוויילע. און דער שווייס פון מענדעלען טריפט. סקריפּעט דער וואָגן. אדעס ליגט באַם שווארצן יאַם. איך פאָר קיין אדעס. כ'האָב באַקומען א בריוו פון דער מאַמען. די מאַמע פרעגט נאָך וועגן מיר. די מוטער האָט מיך ליב. איך זע דיך. ציטיקט איצט א פעלד. די פויערים ארבעטן אפן פעלד.

**אויפגאַבע 2.** שטעלט צונויף פראַזעס, ווו די סובסטאַנטיוון „איך", „דו" וועלן זיין אין אלע דריי בויגפאַלן.

**אויפגאַבע 3.** שטעלט צונויף פראַזעס, ווו די פאָלגנדיקע סובסטאַנטיוון זאָלן זיין איין מאָל אין באַהערשונג, איין מאָל אין מיטשטימונג.

מענטש. ציידע. יאַנקל. לייזער. מומע. לעניו. פּערעץ.

**אויפגאַבע 4.** דערווייזט, אַז די פאָלגנדיקע סובסטאַנטיוון זיינען איינפאַרמיקע.

באַנק. לאָמפּ. אלמער. וואַנט. גלאָז. פלעשל. וואַסער.

# ווי אזוי באַשטימען מיר דעם דאַטיוו און דעם אַקוזאַטיוו אין צווייפאָרמיקע און אין איינפאָרמיקע סובסטאַנטיוון.

## ארבעט 51.

| | | | |
|---|---|---|---|
| איך | מיטשט. פערז. | זאָג | באַהערשונג — אים |
| איך | מיטשט. פערז. | שלאָג | באַהערשונג — אים |

1. סכעמאַטיזירט אזוי אויך די פאָלגנדיקע זאצן איינעם אנטקעגן דעם אנדערן.

איך שרייב מוישען. איך טרייב מוישען.

דאָס בוך געהערט דעם פעטער. איך רוף דעם פעטער.

2. פארוואָס איז אײַך שווער צו באַשטימען, אין וועלכער באַהערשונג איז „אים“, „מוישען“. „בעטער־דאַפּיש“, און אין וועלכער—אַקוזאַטיוו? (ניטאָ קיין פּרעפּאָזיציע).

3. אין וועלכע פון די זאַצן וואָלט איר געקענט אַרײַנשטעלן אין דער באַהערשונג אַ פּרעפּאָזיציע.

4. אין וועלכע פון די זאַצן וואָלט מען געקענט „אים“, „מוישען“, „ברודער“ פאַרבײַטן אויף „מיר“, „דיר“ (דאַטיוו) און אין וועלכע אויף „מיך“, „דיך“ (אַקוזאַטיוו)?

**אויספיר.** צו באַשטימען דעם דאַטיוו און אַקוזאַטיוו אין צווייפאָרמיקע און איינפאָרמיקע סובסטאַנטיוון דאַרף מען אָנווענדן צוויי מיטלען:

1) פּרווון פאַרוואַנדלען די דירעקטע באַהערשונג (אָן אַ פּרעפּאָזיציע) אין אַן אומדירעקטער (מיט אַ פּרעפּאָזיציע). צ. ב. איך זאָג אים—איך זאָג (צו) אים.

2) פּרווון פאַרבײַטן דעם געגעבענעם סובסטאַנטיוו אין דער באַהערשונג אויף איינעם פון די דרײַפאָרמיקע סובסטאַנטיוון („איך“, „דו“) צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| איך —מיטשט. פּערז.— זאָג | | איך —מיטשט. פּערז.— טרײַב |
| באַהערשונג (צו) | | באַהערשונג ( ) |
| דאַטיוו | | אַקוזאַטיוו |
| אים—דיר | | מוישען—דיך |

די דירעקטע באַהערשונג, וואָס קען פאַרביטן ווערן אויף אַן אומדירעקטער, ווײַזט אויף אַ דאַטיוו.

דער סובסטאַנטיוו פון דער באַהערשונג, וואָס קען פאַרביטן ווערן אויף „מיר“, „דיר“, איז דאַטיוו, אויף „מיך“, „דיך“, איז אַקוזאַטיוו.

באַם באַשטימען דאַרף מען אָנווענדןביידע מיטלען.

**אויפגאַבע 1.** סכעמאַטיזירט די פאָלגנדיקע פראַזעס און באַשטימט, ווו איז דער באַהערשטער סובסטאַנטיוו אַקוזאַטיוו, און ווו איז ער דאַטיוו.

דער שנײַדער נייט אַ רעקל. איך פרעג אים. דער ברודער האָט באַקומען אַ בריוו פון דער מאַמען. ער וועט ענטפערן דער מאַמען. מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ קאָלווירט. האָט אַ ייִנגעלע געלייענט אַ באַריכט. דער פעטער זינגט פיניען לידער. מיר האָבן באַצאָלט דעם פורמאַן פאַר דער פור. מיר העלפן דעם אַרבעטער אין קאַמף. איך האָב געליִען אַוורעמלען אַ בוך. דערלאַנג דעם טאַטן טיי. מיר שטאַמען פון העלדן. דער מײַסטער איז מיט אים צופרידן. דער שטויב האָט געגעסן די אויגן.

**אויפגאַבע 2.** פּרווט אויס די פאָלגנדיקע סובסטאַנטיוון און באַשטימט, וועלכע פון זיי האָבן פאָרמען אין דער באַהערשונג, און וועלכע ניט.

אייניקל. שטול. זי. מאָטל. מינסק. עמעצער. מאַמע. מוטער. אַפּאַראַט. פּען.

# װיפל פאָרמעס האָט דער סובסטאַנטיװ פאר די בויג-פאלן אין מערצאָל.

**א ר ב ע ט 52.**

| | | איינצאָל. | מערצאָל. | איינצאָל. | מערצאָל. |
|---|---|---|---|---|---|
| דרײַפאָרמיקע | נאָמ. | איך — | מיר | דו — | איר |
| | דאט. | מיר | אונדז | דיר | אײַך |
| | אקוז. | מיך | אונדז | דיך | אײַך |

| | | איינצאָל. | מערצאָל. | איינצאָל. | מערצאָל. |
|---|---|---|---|---|---|
| צווייפאָרמיקע | נאָמ. | ער — | זיי | מאמע — | מאמעס |
| | דאט. | אים | זיי | מאמענ | מאמעס |
| | אקוז. | אים | זיי | מאמענ | מאמעס |

| | | איינצאָל. | מערצאָל. | איינצאָל. | מערצאָל. |
|---|---|---|---|---|---|
| איינפאָרמיקע | נאָמ. | שטול — | שטולנ | קאָפּ — | קעפּ |
| | דאט. | שטול | שטולנ | קאָפּ | קעפּ |
| | אקוז. | שטול | שטולנ | קאָפּ | קעפּ |

1. באטראכט װיפל פאָרמעס האָבנ די דרײַפאָרמיקע, צווייפאָרמיקע און איינפאָרמיקע סובסטאַנטיװנ אינ מערצאָל.

**א ו י ס פ י ר.** די דרײַפאָרמיקע סובסטאַנטיװנ האָבנ אינ מערצאָל נאָר צוויי פאָרמעס. די צווייפאָרמיקע און איינפאָרמיקע האָבנ אינ מערצאָל נאָר איינ פאָרמע.

# װי אזוי פארבינדנ זיכ די סובסטאַנטיװנ צווישנ זיכ.

**א ר ב ע ט 53.**

### 1. פאָסעסיװע פארבינדונג.

איכ לייענ דעס כ א װ ע ר־ס בוכ.
איכ טראָג דער מ ו מ ע־ס טיכל.
איכ לייענ פ ע ר ע צ־עס לידער
גרויס איז דעמ מ ע נ ט ש־נס טייכל.

איכ לייענ דעמ כ א װ ע ר ל ע נ י נ־ס בוכ.
איכ טראָג דער מ ו מ ע ר אָ כ ל־ס טיכל.
איכ לייענ פ ע ר ע צ מ א ר ק י ש־עס לידער.

1. מאכט א פּאָר סכעמעס און ווײַזט אָן די ווערטער, מיט וועלכע די אויסגעטיילטע סובסטאנטיוו זײַנען פארבונדן לויטן אינהאלט.

2. פּרוּווט פאַרטײַטשן די פאָרמע פון די אויסגעטיילטע ווערטער מיט אנדערע ווערטער.

**אויספיר.** א סובסטאנטיוו מיט א סובסטאנטיוו קענען זיך פארבינדן צווישן זיך אויך דורך דעם, וואָס איינער פון זיי האָט די פאָרמע „־ס" (־נס ־עס) צו ווײַזן די אָנגעהעריקײַט פון איין זאך צו דער צווייטער. אזא פארבינדונג הייסט **פּאָסעסיווע פארבינדונג** (דעם כאווער־ס בוך א.ד.ג.). דער סובסטאנטיוו, וואָס טראָגט דידאָזיקע פאָרמע (־ס) הייסט **פּאָסעסיוו.** דערהויפּט איז כאראקטעריסטיש די פאָרמע פון פּאָסעסיוו פאר סובסטאנטיוו פון באלעבטע וועזנס

**אופגאבע 1.** שטרײַכט אונטער די סובסטאנטיוון, וואָס זײַנען פארבונדן מיט די פּאָסעסיוון.

אונטער הויכע הימלען, איבער וועלטנס ענדן ניט קיין כמארעס רינגלען. כ'האָב איינזאם פרײַ שוין דאן געוואכט בא לעבנס טיר, בא וועלטנס טויער. ס'האָבן ניט פארשאַרט דיך וועלטס פארשטויבטע בעזימער. וואָס איז דאָס דײַן באָבעס דײַגע? שאָלעמאלייכעמס ווערק איז אנגענעם צו הערן. פערעצעס ווערק איז שווער צו לייענען. א מאמעס הארץ פילט. דעם שאָכנס זון איז אוועק אפן פראָנט. איך האָב אויסגעראמט דעם הונטס בײַדל. איך קען ניט פארלײַדן דער הונטס קוואָקען.

**אופגאבע 2.** דעם אינהאלט פון דעם פּאָסעסיוו גיט איבער דורך א דאטיוו מיט א פּרעפּאָזיציע; צ. ב.:

איך האָב געלייענט לענינס ווערק ⟸ איך האָב געלייענט די ווערק פון לענינען.

מיר האָבן זיך באקאָנט מיט אבראמאָוויטשעס ביאָגראפיע. מײַן פעטערס מײַסעס האָבן מיר שוין דערעסן. ביזטו, הייסט עס, מענדל דעם פאפיראָסניקס א זונדל? פארנעמט זיך ניט מיט מענאכעם־מענדלס געשעפטן. מיר האָבן זייער ליב דעם לערערס פאָרלעזונגען. וואָס האָסטו דאָ אײַנגעלייגט, דײַן טאטנס ירושע? עס וועט ניט שלאפער ווערן לענינס ווילן אין מיליאָנען. מיר זײַנען אומעטום מיט לענינס פאָן אין האנט. ווער בין איך, וואָס בין איך און וועמעס אויב ניט וועלטס און ניט מענטשהײַטס א קינד (קושנ.).

**אופגאבע 3.** בילדעט אויס פון די געגעבענע סובסטאנטיוון פּאָסעסיווע פארבינדונגען און מאכט אן אויספיר וועגן דעם אָרט פונעם פּאָסעסיוו. (דער טאטע, דאָס קינד—דעם קינדס טאטע, דעם טאטנס קינד).

דער פידזשאק, דער ברודער. די כאווערטע, די שוועסטער. די הענט, דער ארבעטער. דאָס טיכל, דער פיאָנער. די פרעסט, דער ווינטער. די היץ, דער

נומער. דער וואָרט, לערנינ. די מאַטאָנע, דער פעטער. די דרייסטקײַט, דער פּיאָ־
נער. די כאַווײרים, מאָטל. די לידער, דער דיכטער. די שפּילצײַג, דאָס קינד. די
בלײַפּענע, דער לערער. די מיינונג, די וועלט. דער אקער, דער פויער. דער נאָל,
דער שוסטער. די האַק, דער בויער.

(ערשטער אָרט).

**אויפגאבע 4.** אינ די פּאָלגנדיקע פראזעס שטעלט דעם פּאָסעסיוו אפּנ
צווייטנ אָרט אונ מאכט אנ אויספיר וועגנ דעם ארטיקל (דעם שילערס פּעיִ־
קײַטנ וואקסנ — די פּעיִקײַטנ, דעם שילערס, וואקסנ.

דעם ברודערס קאָסטיום קאָסט טײַער. דעם כאַווערס פּאָטער איז אוועקגע־
פאָרנ. דעם בעקערס אויוונ איז א גרויסע. דעם ברודערס לאָטעריי־בילעט האָט
געוווּנענ. דער שוועסטערס פּראָפּבילעט איז נומער 7779. דעם פעטערס קינדער
וווינענ אינ מאָסקווע. אינ מאָסקווע געפינט זיך לענינס מאַווזאָליי. דעם לערערס
קסאוו איז א שיינער. מיר וועלנ צעשלאָגנ דעם סוינעס ארמיי.

דעם שילערס וואקסנ.
(ווען דער פּאָסעסיוו שטייט אפנ צווייטנ אָרט, כאַזערט זיך איבער דער ארטיקל, צ. ב. די פּעיִקײַטנ)

## 2. באַהערשונג אונ פּאַראַלעל־אידענטישע פאַרבינדונג פונ סובסטאַנטיוו.

**אַרבעט 53a.**

איך עס ברויט מיט פוטער

ס כ ע מ ע 1.

איך —מיטשט. פּערז.— עס

באַהערש. אקוזאַטיוו.

ברויט

באַהערש. דאַטיוו. מיט

פוטער.

בערעזינע פליסט אינ טײַך דניעפּער.

ס כ ע מ ע 2.

בערעזינע———פליסט

באַהערש. דאַטיוו. אינ באַהערש. דאַטיוו.

טײַך —מיטשט. בויגפ.— דניעפער

1. וואָסער וואָרט באַהערשט דעם סובסטאַנטיוו „ברויט“, און וואָסערער דעם סובסטאַנטיוו „פּוטער“?
2. אין וועלכנ בויגפאַל שטייט דער ערשטער סובסטאַנטיוו, און אין וועלכנ דער צווייטער?
3. וואָסער וואָרט באַהערשט דעם סובסטאַנטיוו „טײַכ“, און וואָסערער דעם סובסטאַנטיוו „דניעפּער“?
4. וואָס פאַר א מיטשטימונג אין בויגפאַל איז פאַראַנ צווישנ „טײַכ“ און „דניעפּער“?
5. „טײַכ“ און „דניעפּער“ באַצייכענענ אין דעם זאַצ צוויי באַזונדערע זאַכנ, אָדער איין זאַכ?

**אויספיר.** א סובסטאַנטיוו באַהערשט א סובסטאַנטיוו נאָר אינ דאַטיוו, מיט א פּרעפּאָזיציע (ברויט מיט פּוטער), אָדער אָנ א פּרעפּאָזיציע, נאָר די פּרעפּאָזיציע פילט זיכ (אנ אלמער ביכער=אנ אלמער מיט ביכער).

צוויי סובסטאַנטיוונ און מערער, וואָס ציִענ זיכ פאַראַלעל צו א צווייטנ וואָרט (שטימענ מיט זעלטנ אינ בויגפאַל) און דערקלערנ אָדער דערגאַנצנ איינער דעם אַנדערנ (טײַכ—דניעפּער), הייסנ **פּאַראַלעל־אידענטישע**[1] **סובסטאַנטיוונ**, און די פאַרבינדונג זייערע הייסט **פּאַראַלעל־אידענטישע פאַרבינדונג**.

באַמערקונג: אינ פאַראַלעל־אידענטישע סובסטאַנטיוונ נעמט אָנ די פאָרמע ־ס (פּאָסעסיוו) נאָר דער לעצטער פונ די סובסטאַנטיוונ.

**אויפגאַבע 1.** אינ פאָלגנדיקע זאַצנ ווײַזט אָנ, ווו איז דאָרטנ פאָרגעקומענ די באַהערשונג פונ א ווערב איבער א סובסטאַנטיוו, און ווו—פונ א סובסטאַנטיוו איבער א סובסטאַנטיוו.

די זאַנגענ וואַרטנ אפנ שניט פונ א קאָסע. מע האָט מיר אויפגעגייט א פּוטער מיט א קאָלנער. דער פויער האָט אויעקגעפירט א וואָגנ היי. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט פאַרגרייט שפּײַכלערס מיט ברויט. מיר האָבנ איבערגעלעבט נעכט פונ שרעק. מיר וועלנ זינגענ לידער פונ זיג. איכ האָב אויסגעמאָלט א קריגל מיט א הענטל. איכ אינטערעסיר זיכ מיט ביכער וועגנ אינדיע.

**אויפגאַבע 2.** באַשטימט, ווו זײַנענ דאָ פאַראַלעל־אידענטישע סובסטאַנטיוונ און ווו זײַנענ דאָ באַהערשטע אָנ א פּרעפּאָזיציע (פּרוווט אַרײַנשטעלנ אינ זיי די פּרעפּאָזיציע).

דער טײַכ וואָלגע האָט זיכ צעגאָסנ. איכ בינ דאָרשטיק, איכ קענ דיר אויסטרינקענ א יאַם וואַסער. איכ וועל דיר ברענגענ א זאַק קוילנ. מיר איז געפעלנ די שטאָט אָדעס. איכ האָב געזענ א פרוי—א מיליציאָנער. דער לערער ליפשיצ שרײַבט אינ צײַטונג. איכ האָב געקויפט א בוכ דערציילונגענ. דער כאַווער יאָפּע שפּילט פידל. דער מידבער סאַכאַרע געפינט זיכ אינ אפריקע. דער באַרג קאַזבעק געפינט זיכ אפ קאַווקאַז. די קינדער האָבנ אָנגעפירט א באַרג זאַמד. איכ שרײַב אויס די צײַטונג „עמעס“. דער וואַגאָנ מעל איז שוינ אָנגעקומענ. יאַנקל

---

[1] אידענטיש—[illegible]

דער שמיד שטײט אונ ארבעט. דער שיפ „קראסינ" האט זיך געלאזט צום פאליוס. מע האט אנגעלאדנ א שיפ סכוירע. איך האב געזענ אינ טעאטער די פיעסע „באטווינ". איך הויב אופ אנ עמער וואסער. דאוויד בערגלסאנ שרײבט א ראמאנ. דער כאווער לענינ האט געקעמפט פאר דעם ארבעטער־קלאס.

## פונקטואציע בא פאראלעל־אידענטישע סובסטאנטיוונ.

### ארבעט 54.

1. די שטאט קיעוו ליגט באם דניעפער.
דער דיכטער מאיאקאווסקי איז געשטארבנ אינ 1930 יאר.
דער טײך דניעפער פאלט ארײנ אינ שווארצנ יאם.

פאראלעל־אידענטישע סובסטאנטיוונ, וואס באצײכענענ פאמיליעס, נעמענ, נעמענ פונ טײכנ, שטעט א. ד. ג., האבנ ניט קײנ באזונדער פונקטואציע.

---

2. פונ א שטעטעלע—א גענעצ.
פונ א שטיבעלע—א שטײגל.
איך האב געזענ א פרוי—א מיליציאנער.

פאראלעל־אידענטישע סובסטאנטיוונ, וואס האבנ צו זיך ניט קײנ אנדערע ווערטער, טײלט מענ אפ מיט א טירע (—).

---

3. איך שרײב אויס די צײטונג „אקטיאבער".
איך האב געלײענט א ווערק „הרעבליעס".
דער אעראפלאנ „ראטנלאנד" איז אפגעפלויגנ קײנ אמעריקע.

פאראלעל־אידענטישע סובסטאנטיוונ, וואס דערקלערנ דעם נאמענ פונ זשורנאלנ, קינסטלערישע ווערק א. דג., נעמט מענ אינ פיסלעך („ ").

---

4. זי, האדל, האט פארלאזט עלטערנ אונ איז אוועק.
מיר, קינדער, העלפנ בויענ דעם סאציאליזם.

סובסטאנטיוונ, וואס קומענ אינ פאראלעל־אידענטישער פארבינדונג צו דערקלערנ סובסטאנטיוונ־פערזאנענ, טײלט מענ אויס מיט קאמעס (,).

---

5. דער שטורעם—ער טראָגט זיך ארום.
דער פרײַער גײַסט—ער רופט צום וואפן.
דער ווינט און דער שטורעם—זיי פליִען און ברומען.

סובסטאנטיוון־פערזאָנען, וואָס קומען אין פאראלעל־אידענטישער פאר־בינדונג אונטערצושטרײַכן א פריִער־געגעבענעם סובסטאנטיוו, טיילט מען אָ מיט א טירע (—).

---

6. גינזבורג, דער דירעקטער פון פאבריק, האָט אָפּגעגעבן א באדיכט
מאָטל, פייסי דעם כאזנס יינגל, איז געווען א גרויסער שטיפער.

פאראלעל־אידענטישע סובסטאנטיוון, וואָס האָבן צו זיך נאָך ווערטער, טיילט מען אויס מיט קאָמעס.

---

7. מײַן כאווער, דאָס הייסט מוישע, האָט ליב לייענען.

פאראלעל־אידענטישע סובסטאנטיוון, וואָס דערקלערן איינע די אנדערע מיט דער הילף פון די ווערטער, דאָס הייסט, צ״, אָדער א. אנ., טיילט מען אויס מיט קאָמעס.

באמערקונג: אָפּהענגיק פון דער אינטאָנאציע קען אָנשטאָט א קאָמע קומען אָפּט א טירע.

---

אויפגאבע 1. שטעלט ריכטיק די פונקטואציע אין די פאָלגנדיקע פראזעס.

אונדזער כאווער פיניע האָט א נידעריקע ריִע. פושקין דער גרעסטער דיכטער פון דער רוסישער ליטעראטור איז געשטאָרבן איז 1837 יאָר. די פיעסע הירש לעקערט איז מיר שטארק געפעלן. ער דער דײַטש איז געווען זייער א ווילער מענטש. די ווינטערדיקע פרעסט זיי לאָזן גאָרניט אָפּ. קאסרילעווקע דאָס שטעטל פון שאָלעמאלייכעמס העלדן איז אן אָפּגעשטאנענע שטעטל. די זון זי בלאנקט און ברענט און בראָט. טעוויע דער מילכיקער האָט געהאט זיבן טעכטער. דער דיכ־טער באָוושאָווער איז געשטאָרבן א יונגער. זי די שכיינע מײַנע ווייס נאָר זינגען און טאנצן. מוישע דעם אײַנבינדערס ווײַב פעסי האָט זיך אין מיר אײַנגעליבט. אין אמעריקע פאָרן מיר מיטן פרינצ אלבערט. מײַן מאמע און מײַן שוועגערן בראָכע זיי לאָזן אונדז ניט רוען און פארוויינען אונדז דעם קאָפּ. עס קוקן אַפּ מיר פון הימל פינקלענדיקע שטערן אויגן. כ׳האָב א האלדז אן אלעבאסטער, צוויי בריליאנטן אויגן (פּ.) און דער שכיינע שיינע־האָדל פאלט פון האנט ארויס די נאָדל (פּ.). איך פישער איך נעם זיך קיין קיִעוו אײַך איבערצופירן (פיניג.).

פון קיִעוו דער שטאָט איז א פישער אנטרונען (פיניג.). אף יענער זײַט בריקן שטייען אין מעכטיקע מאכנעס די זין פונעם פאָלק באָלשעוויקעס (פיניג.).

# װעגן די בױגפֿאַל-פֿאָרמעס פֿון אײניקע פֿאַראַלעל־אידענטישע סובסטאַנטיװן.

## אַרבעט 55.

1) בערל, הארעליק. בערל+הארעליק. הארעליק+בערל.

איך קום צו בערלען.
איך קום צו הארעליקן.
איך קום צו בערל הארעליקן.
איך קום צו הארעליק בערלען.

2) בערל. דער שמיד. בערל+דער שמיד. הארעליק+דער שמיד.

איך קום צו בערלען.
איך קום צו דעם שמיד.
איך קום צו בערל דעם שמיד.
איך קום צו הארעליק דעם שמיד.

3) כאַװער. בערל. כאַװער+בערל. כאַװער+הארעליק.

איך קום צום כאַװער.
איך קום צו בערלען.
איך קום צו כאַװער בערלען.
איך קום צו דעם (צום) כאַװער בערל.
איך קום צו כאַװער הארעליקן.
איך קום צו דעם (צום) כאַװער הארעליק.
איך קום צו דעם (צום) כאַװער בערל הארעליק.
איך קום צו כאַװער בערל הארעליקן.

4) מומע. סאָרע. מומע+סאָרע.

איך קום צו דער מומען.
איך קום צו סאָרען.
איך קום צו דער מומע סאָרע.
איך קום צו דער מומע סאָרען.

1. װאָס קומט פֿאָר מיטן נאָמען און פֿאַמיליע, װען זײ קומען אײנײנעם (װי פֿאַראַלעל־אידענטישער סובסטאַנטיװ) אין דער באַהערשונג?

2. װאָס קומט פֿאָר מיטן נאָמען אָדער מיט־דער פֿאַמיליע, װען נאָך זײ גײט אַן אײנפֿאָרמיקער סובסטאַנטיװ (אַ דריטער פֿאַראַלעל־אידענטישער סובסטאַנטיװ)?

3. װאָס קומט פֿאָר מיטן נאָמען, אָדער מיט דער פֿאַמיליע, װען פֿאַר זײ קומט אַן אײנפֿאָרמיקער סובסטאַנטיװ (אַ דריטער פֿאַראַלעל־אידענטישער סובסטאַנטיװ)?

4. װען װעט דער נאָמען אָדער די פֿאַמיליע אין דער באַהערשונג בלײַבן ניט געענדערט?

אויספיר. ווענ דער נאָמענ מיט דער פאמיליע קומענ (ווי פאראלעל־אידענטישע פארבינדונג) אינ דער באהערשונג, נעמט אָנ א פאָרמע נאָר דער לעצטער פונ זיי.

דער נאָמענ אָדער די פאמיליע קומט אָפט אינ פאראלעל־אידענטישער פארבינדונג מיט אנ אייגנפאָרמיקנ סובסטאנטיוו. אויב דער דאָזיקער סובסטאנטיוו איז אפנ ערשטנ אָרט, דאנ נעמט אָנ דער נאָמענ אָדער די פאמיליע א פאָרמע אינ דער באהערשונג. אויב דער אייגנפאָרמיקער סובסטאנטיוו איז אפנ לעצטנ אָרט, דאנ נעמט דער נאָמענ אָדער די פאמיליע ניט אָנ קיינ פאָרמע.

אָנ א פאָרמע אינ דער באהערשונג בלייבט דער נאָמענ אָדער די פאמיליע דאנ, ווענ דער סובסטאנטיוו, וואָס פאר זיי, האָט צו זיך אנ ארטיקל.

אויפגאַבע 1. שאפט זאצנ, ווו עס זאָלנ קומענ אינ באהערשונג די פאָלגנדיקע סובסטאנטיוונ:

יעקל סטאָליער.
כאווער יעקל.
דער כאווער יעקל.

---

מאָריס ווינטשעווסקי.
ווינטשעווסקי מאָריס.
דער דיכטער ווינטשעווסקי.
דער דיכטער מאָריס ווינטשעווסקי.

ווינטשעווסקי דער דיכטער.

---

דער שרייבער פערעצ.
פערעצ דער שרייבער.

---

לענינ דער פירער.
דער כאווער לענינ.

## וועגנ אייניקע סופיקסנ, דורכ וועלכע די סובסטאנטיוונ באקומענ נייע אינהאלטנ אונ ביי־אינהאלטנ.

### אַרבעט 56.

### 1. געשלעכט.

| | |
|---|---|
| דעלעגאט — | דעלעגאט־קע |
| ארבעטער | ארבעטער־קע |
| שילער | שילער־נ |
| זינגער | זינגער־נ |
| כאווער | כאווער־טע |
| באלעבאָס | באלעבאָס־טע |
| כאָכעמ | כאכאָמ־ע |

1. מיט וואָס שיידנ זיך אונטער די סובסטאנטיוונ אינ דער לינקער זייט פונ די סובסטאנטיוונ אינ דער רעכטער זייט לויטנ אינהאלט?

2. וואָס ווייזט דאָ, אז דאָס איז א „זי" אונ ניט קיינ „ער"?

**אויספיר.** די סופיקסן ־קע, ־ן, ־טע, ־ע בילדן אויס סובסטאנ־טיוון פון ווײַבלעכן געשלעכט.

**אופגאַבע 1.** בילדעט אויס פון די פּאָלגנדיקע סובסטאנטיוון פון מענלעכן געשלעכט—סובסטאנטיוון פון ווײַבלעכן געשלעכט.

בירגער. סטודענט. שנײַדער. שוסטער. שרײַבער. שריפטשטעלער. ליגנער. שאָכן. קראָעוו. גיבער. העלד. ארטיסט. מאשיניסט. בוכהאלטער. געשעפטפירער.

**אופגאַבע 2.** בילדעט אויס עטלעכע סובסטאנטיוון פון ווײַבלעכן געשלעכט מיט די סופיקסן ־יכע און ־ניצע.

**אופגאַבע 3.** קלײַבט אָן א 5—6 סובסטאנטיוון מיטן סופיקס ־ניצע, שטעלט אנטקעגן זיי די סובסטאנטיוון פון מענלעכן געשלעכט און באשטימט, פון וועלכע סוב־סטאנטיוון בילדן מיר אויס סובסטאנטיוון פון ווײַבלעכן געשלעכט מיטן סופיקס ־ניצע.

צ. ב. קאָלווירטניצע — קאָלווירטניק
יישוווניצע — א. א. וו.

(פון סובסטאנטיוון, וואָס האָבן פארן מענלעכן געשלעכט דעם סופיקס ־ניק).

## 2. צערטלעכקײַט און איראָניע.

1. פארגלײַכט די פּאָלגנדיקע סובסטאנטיוון.

| | |
|---|---|
| ארבעטער—ארבעטערקע | סאָרע—סאָרקע |
| לערער—לערערקע | מוישע—מוישקע |
| שנײַדער—שנײַדערקע | ברודער—ברודערקע. |

2. וואָס פאר א באדײַטונג האָט ארײַנגעטראָגן דער סופיקס ־קע אין די סובסטאנטיוון פון דער לינקער רובריקע?

3. וויפל באדײַטונגען פון דעם סופיקס ־קע ווייסט איר שוין?

4. דערווײַזט, אז דידאָזיקע סובסטאנטיוון קענען האָבן אן איראָנישן באטײַט.

**אויספיר.** דער סופיקס ־קע טראָגט ארײַן אין די סובסטאנטיוון אויך דעם באטײַט פון **צערטלעכקײַט** און **איראָניע**. בא צוגעבן דעם איראָנישן באטײַט שפּילט א ראָליע אויך די אינטאָנאציע.

**אופגאַבע 1.** קלײַבט אָן צוויי רייען סובסטאנטיוון, אין איינער זאָל דער סופיקס ־קע ארײַנטראָגן די באדײַטונג פון ווײַבלעכן מין, אין דער צווייטער—די באדײַטונג פון צערטלעכקײַט אָדער איראָניע. מאכט אן אויספיר, בא וועלכע סוב־סטאנטיוון **דערהויפט** וועט דער סופיקס ־קע ארײַנטראָגן די באדײַטונג פון ליבע און צערטלעכקײַט.

(איבערהויפט בא סובסטאנטיוון—נעמען נטשן פונמען).

## 3. פֿאַרקלענערונג, צערטלעכקייט און איראָניע.

| | | |
|---|---|---|
| בריוו — | בריוו־ל — | בריוו־עלע |
| מירע — | מיר־ל — | מירע־לע |
| שטיין — | שטיינ־דל — | שטיינ־דעלע |
| זון — | זינ־דל — | זינ־דעלע |
| מיל — | מיל־כל — | מיל־כעלע. |
| מויל — | מייל־כל — | מייל־כעלע. |

1. פאַרגלייכט די ווערטער און באַשטימט דעם אונטערשייד אין באַטייט.

2. טיילט אָפּ די סופיקסן און באַשטימט, וועלכע סופיקסן טראָגן אַריין די באַטייטן פון פאַרקלע־נערונג און צערטלעכקייט אין די סובסטאַנטיוון.

3. דערווייזט, אַז דיזעלביקע סובסטאַנטיוון קענען האָבן אַן אויסלאַכנדיקן (איראָנישן) באַטייט.

**אויספיר.** די סופיקסן ־ל, ־לע, ־עלע, ־דל, ־דעלע, ־כל, ־כעלע טראָגן אַריין אין די סובסטאַנטיוון דעם באַטייט פון **פאַרקלענערונג, צערטלעכקייט און איראָניע**, אין אייניקע פאַלן בייט זיך דערביי דער שטאַם־וואָקאַל.

**אופגאַבע 1.** קלייבט אָן א 10 סובסטאַנטיוון מיטן סופיקס ־דל, ־דעלע, טיילט אָפּ דעם סופיקס און פאָרמולירט, וועלכע סובסטאַנטיוון נעמען אָן דעם סופיקס ־דל, ־דעלע.

(וואָס דער וואָרצל זייערע ענדיקט זיך מיט נ.)

**אופגאַבע 2.** קלייבט אָן א 10 סובסטאַנטיוון מיט די פאַרקלענער־סופיקסן ־כל, ־כעלע, טיילט אָפּ די סופיקסן און פאָרמולירט, אין וועלכע סובסטאַנטיוון וועט פאָרקומען די פאַרקלענערונג דורך ־כל, ־כעלע.

(סובסטאַנטיוון, וואָס זייער וואָרצל (שטאַם) ענדיקט זיך מיט א „ל" (ניט קיין טראָפּבילדנדיקער)

**אופגאַבע 3.** באַשטימט, וואָס פאַר א פאַרקלענער־פאָרמעס קען מען אויס־בילדן פון די פאָלגנדיקע סובסטאַנטיוון. פאַרוואָס נאָר די איינע?

שליסל, בייגל, פליגל, ציגל,ווינקל, שיסל, פויגל.

(דערמאָנט זיך וועגן צונויפגוס פון קאָנסאָנאַנטן).

**אופגאַבע 4.**

| | |
|---|---|
| שער . . . . . . . | מעסער . . . . . . . |
| מער . . . . . . . | האַמער . . . . . . . |
| ברער . . . . . . . | האָבער . . . . . . . |
| שפער . . . . . . . | טינטער . . . . . . . |
| ־רער. . . . . . . . | פענצטער . . . . . . . |

באַשטימט: 1) וויפל פאַרקלענער־פאָרמעס האָבן די סובסטאַנטיוון פון דער רעכטער זײַט, און וויפל—די סובסטאַנטיוון פון דער לינקער זײַט. 2) וואָסער פאַרקלענער־פאָרמע האָבן די סובסטאַנטיוון פון דער לינקער זײַט. 3) באַמערקט דעם אונטערשייד אין דער צאָל טראָפּן צווישן די ווערטער פון דער לינקער זײַט און די ווערטער פון דער רעכטער זײַט און מאַכט אַן אויספיר, וועלכע סובסטאַנטיוון האָבן די פאַרקלענערונג נאָר אַף ־ל.

[illegible]

**אויפגאַבע 5.** באַשטימט, ווי איז דער סופיקס אין די פאָלגנדיקע סובסטאַנטיוון, ־לע, צי ־עלע. דערבײַ דערקלערט, ווי אַזוי האָט איר פעסטגעשטעלט.
מוישעלע, סאָפּקעלע, טירעלע, ביכעלע, שמאַטקעלע, רווועלע, העפטעלע, כאַוועלע, טישעלע, הענטעלע, שאַפעלע, כאַנעלע.

# ווי אַזוי בילדעט זיך אויס די מערצאָל-פאָרמע פון די סובסטאַנטיוון.

**אַרבעט 57.**

שול. טיש. טאָוול. העפט. מאַנטל. שליסל. נאָדל. הימל.
ייִד. רוס. פויל. רעוואָלוציאָנער. דעלעגאַט. מאַשין.
אַרמיי. שטים. קאָנדוקטער. פּראָפעסער. בלעכער.
וועשערײַ. קאַץ. מאַסע. געשריי. געדאַנק.
געזאַנג. בויך. האָן. שפּאָן. קלאָץ. פעלד. בלאַט.
טאַטע. מומע. גרופּע. טעלעגראַמע. כוויוו. העזעק.
סאָפּעק. קאַלב. דאָקטער. בעגעד.
סייפער. שייוועס. סימען. שוימער. גיבער. כאַווער.
כאַזער. שעד. פּאָרעץ. ניגן. פויער. טישל. וועכטער.
מיידל. קעפל. פייגעלע. שטײַגעלע. צווײַגעלע.
נאַכט. קאָפּ. קלאַפּ. שטאָט. טאַנץ. ברודער.
בריוו. פענצטער. פרײַנט. עפל ווערק. שטיוול.

1. מאַכט צוויי רובריקעס איינע אַנטקעגן די אַנדערע און שטעלט אַרײַן די איבנגעוויזענע סובסטאַנטיוון.

| איינצאָל | מערצאָל |
| --- | --- |
| שול | שול—ן |

2. באַם אויסבילדן די מערצאָל טײלט אָפּ דעם סופיקס.
3. אויב קײן סופיקס איז ניטאָ, שטרײַכט אונטער אַן אַנדער סימן: די ענדערונג פֿון וואָקאַל.
4. רעכנט אויס די סימנים פֿון מערצאָל, וועלכע איר האָט באַמערקט.

**אויספֿיר.** די מערצאָל־פֿאָרמע פֿון די סובסטאַנטיוון בילדעט זיך אויס:
1) מיט דער הילף פֿון די סופֿיקסן ־ס, ־עס, ־ן, ־ען, ־כ, ־עכ, ־ער, ־ים.
2) דורך דער ענדערונג פֿון וואָקאַל און איבערציִונג פֿון אַקצענט, צ. ב. דאָקטער — דאָקטוירים.
3) פֿאַראַן סובסטאַנטיוון, וואָס האָבן איין פֿאָרמע פֿאַר איינצאָל און מערצאָל, צ. ב. פֿענצטער.

**אויפֿגאַבע 1.** קלײַבט צו אַ 10 סובסטאַנטיוון, וועלכע בילדן אויס די מערצאָל־פֿאָרמע מיט דער הילף פֿון סופֿיקסן.

**אויפֿגאַבע 2.** קלײַבט צו אַ 10 סובסטאַנטיוון, וואָס בילדן אויס די מערצאָל־פֿאָרמע דורך דער ענדערונג פֿון וואָקאַל (פֿוס—פֿיס, האַנט—הענט).

**אויפֿגאַבע 3.** קלײַבט צו אַ 10 סובסטאַנטיוון, וואָס בילדן אויס די מערצאָל־פֿאָרמע מיט דער הילף פֿון סופיקס, ענדערונג פֿון וואָקאַל און איבערציִונג פֿון אַקצענט. (גיבער—גיבוירים).

**אויפֿגאַבע 4.** קלײַבט צו אַ 10 סובסטאַנטיוון, וואָס די מערצאָל איז בײַ זײ ענלעך אָף דער איינצאָל (פֿענצטער—פֿענצטער).

**אויפֿגאַבע 5.** קלײַבט צו אַ 10 סובסטאַנטיוון, וואָס האָבן אין מערצאָל די פֿאָרמע ־עך, ־ך, טײלט אָפּ דעם סופיקס און באַשטימט, וועלכע סובסטאַנטיוון נעמען אָן דימינוטיווע פֿאָרמע אַלעמאָל.

(די סובסטאַנטיוון, וואָס האָבן אין איינצאָל דעם סופיקס ־עלע, ־ל).

**אויפֿגאַבע 6.** קלײַבט צו סובסטאַנטיוון, וואָס בילדן אויס די מערצאָל־פֿאָרמע אָף צווייערליי אופֿנים (פּאַן—פּאַנען—פּענער; גלאָק—גלאָקן—גלעקער; צאָן—ציין—ציינער; האָן—האָנען—הענער א. אַ.

באַמערקונג 1. די מערצאָל פֿון די ווערטער איך, דו, ער בילדעט זיך מיט דער הילף פֿון אַנדערע ווערטער (איך—מיר; דו—איר; ער—זיי).

באַמערקונג 2. אייניקע סובסטאַנטיוון ווערן געברויכט נאָר אין מערצאָל. צ. ב. ברילן, הויזן, (ברילל, הויז—גיסאָ), רייד, זיכרוינעס א. אַ.

**אויפֿגאַבע 7.** טראַכט צו נאָך אייניקע סובסטאַנטיוון, וואָס ווערן געברויכט נאָר אין מערצאָל.

# די באַטײַטן, וואָס די צאָל־פאָרמע פון די סובסטאַנטיוון באַקומט אין דער פראזע.

**אַרבעט 58—59.**

## 1) איינצאָל־פאָרמע.

איך האָב א הונט.
בא מיר אין צימער איז פאראַן
א פענצטער.

א הונט איז א קלוגע כיַיע.
א פענצטער האָט ליב מע זאָל זי עפענען.

1. אין וועלכער פון די פראַזעס קען מען „הונט", „פענצטער" פארשטיין ווי איין הונט און איין פענצטער?

2. ווי דארף מען פארשטיין „הונט", „פענצטער" אין די פראַזעס פון דער לינקער זיַיט.

## 2) מערצאָל־פאָרמע.

מיר בעטן איַיך, כאַווײרים, שריַיבט בריוו.

איַיך קומט א גרויסן, א ברייטן שאָלעמ־אלייכעם, פאַני שאָלעמאלייכעם.

1. ווי באטיַיט „איַיך" מערצאָל, און ווי איז „איַיך" פאקטיש איינצאָל?

2. ווען קומט אויס געברויכן די מערצאָל אָנשטאָט איינצאָל?

**אויספיר.** די איינצאָל־פאָרמע קען באַקומען אין דער פראַזע דעם באַטיַיט פון „יעדערער" און „אַלע". (א פיאַנער דארף זיַין א מוסטער—יעדער פיאַנער דארף זיַין א מוסטער, אַלע פיאַנערן דארפן זיַין א מוסטער).

די מערצאָל־פאָרמע אָנשטאָט איינצאָל געברויכן מיר דאַן, ווען מיר ווענדן זיך צו עמעצן אָדער מיר ריידן צו עמעצן מיט העפלעכקיַיט, ווען מיר „אירצן זיך". (איַיך קומט א ברייטן שאָלעמאלייכעם, פאַני שאָלעמ־אלייכעם!).

**אויפגאַבע 1.** אין די פאָלגנדיקע פראזעס ווייַזט אָן, ווי דארף מען פארשטיין די אויסגעטיילטע סובסטאַנטיוון אין דער איינצאָל־פאָרמע.

דער ארבעטער האָט ניט וואָס אָנצווארן אין קאמף, סייַדן זייַנע קייטן. איך האָב א באקאנטן ארבעטער. א מענטש איז שוואכער פון א פליג און שטארקער פון אייַזן. איך האָב ליב, פארשטייט איר, א מענטשן, וואָס מע קען מיט אים ריידן א וואָרט.

ברענגען, זאָג איך, ברענגט מען צופירן א פערד, זאָג איך, אפן יעריד, אָדער א בהמה צו פארקויפן. דו ביסט דאָך א מענטש פון סאמע יוישער און ביסט אייַנגעטונקט אין מענטשלעכקייט פונויבן ביז אראָפּ, ווי קומט דאָס, זאָג איך, צו דיר, אז דו זאָלסט פלוצים אײַנמיטן דערינען צונעמען בא טעוויען א טאָכטער און מאכן זי פאר אן אגונע? אינעווייניק קאָכט ווי א סאמאָוואר, נאָר יענעם אויסבאַווייַזן—פע! און אָט איז ער געוואָרן בא אונדז אין שטוב א גאנצער בעַל־הבית. די קינדער האָבן אים אונטערגעטראָגן א גלעזל מילך, און מייַן אלטע האָט אכטונג געגעבן, ער זאָל האָבן א העמד אפן לייַב מיט א פאָר זאָקן גאנצע, און טאקע דעמלט האָבן מיר אים געקרוינט מיטן נאָמען „פעפערל" (ש.־אל.). איך דארף ניט מער קיין מיטלמאַן, א בעזעם און א קער! קיין מיטלמאַן, קיין טיטלמאַן, קיין קיטלמאַן ניט מער! (ווינטש.). עס הויבט אין שטאָט דאָס שטאָל, עס הויבט אין דאָרף די פלאקסן (קוויט.). שטארקט דעם צוזאמענשלוס צווישן דאָרף און שטאָט!

**אויפגאַבע 2.** צו די פאָלגנדיקע סובסטאַנטיוון קלייַבט צו אזוינע פראזעס, וו די איינצאָל־פאָרמע זאָל באטייַטן מערצאָל.

לאָמפּ. טיש. שוך. קו. ציג. טיר. לערער. קינד. שילער. מוטער. קעמפער. צ. ב. אן ענגער שוך קוועטשט אין פוס.

**אויפגאַבע 3.** קלייַבט אָן שפריכווערטער, וו איינצאָל האָט די באדייַטונג פון מערצאָל.

**אויפגאַבע 4.** דריקט אויס אין דער פאָרמע פון איינצאָל פאָלגנדיקע געדאנקען.

הינט זייַנען געטרייַע פרייַנט פון מענטשן =

קאפּיטאליסטן עקספּלואטירן די ארבעטער =

די ארבעטער קעמפן קעגן קאפּיטאליסטן =

אלע שילער מוזן האָבן העפטן און פענעס =

מיר דארפן פארשטארקן דעם צוזאמענשלוס צווישן די ארבעטער און די פויערים =

די דערפער און די שטעט זייַנען איין אלגעמיינער ווירטשאפטלעכער פראָנט =

דער סאָציאליסטישער געוועט האָט ארומגעכאפּט פאבריקן און זאוואָדן =

**אויפגאבע 5.** באטראכט, ווי האָט מען דאָ די מערצאָל "באנוצט אָנשטאָט איינצאָל.

אז ס'איז געקומען די צייט פון זיין אוועקפאָרן און דער דייטש האָט גענומען זיך פאקעווען אין וועג אריין, מאכט ער צו מיר, איך זאָל אים דערלאנגען א רעכענונג. זאָג איך: „וואָס האָבן מיר דאָ צו רעכענען? ס'איז, זאָג איך, א קורצער כעזשבן, הער דייטש, עט קומט פון אייך פונקט א כאָפּהייער...״ שטעלט ער אויס א פאָר אויגן, ווי איינער רעדט: „הא? איך פארשטיי ניט!״. מאך איך צו אים אפ דייטש: „זיי וועלן מויכל זיין באצאָלן א פינפונצוואנציקער, פינף און צוואנציק קערבלעך, רובל הייסט דאָס!״ און באווייז אים אפ די פינגער צען און צען און פינף. מיינט איר דאָך, אז ער ווערט ניספּאָעל? האָט מיל־האזקיר! (ש.־אל.).

**אויפגאבע 6.** שרייבט אָן א בריוו, צי א נאָטיץ, ווו אייך זאָל אויסקומען אָנצוווענדן די מערצאָל־פאָרמע אין דער באדייטונג פון איינצאָל.

---

# VII. אַדיעקטיוו

## מיטשטימונג אין מין. אַדיעקטיוו.

### אַרבעט 60.

דער גוט־ער כאַווער קומט צו אונדז.
די גוט־ע כאַווערטע קומט צו אונדז.
דאָס גוט(־ע) קינד קומט צו אונדז.

1. אָפּהענגיק פון וואָס האָבן מיר אין דער ערשטער שורע „גוטער", אין דער צווייטער—„גוטע" און אין דער דריטער—„גוט(ע)"?
2. ווי רופן מיר אָן אַזאַ פאַרבינדונג פון צוויי ווערטער, וואָס, אַז מיר בייטן איינעם פון זיי ענדערט זיך דער אַנדערער? (זע אַרבעט 47).
3. פאָרמולירט, וואָסערע ביפיקסן נעמט אָן דער וואָרט „גוטער", צופּאַסנדיק זיך צו דעם מין פון דעם סובסטאַנטיוו.
4. שטעלט דעם סובסטאַנטיוו „כאַווער" אין מערצאָל און באַמערקט, וואָס וועט פּאַסירן מיט די ווערטער „דער" און „גוטער" אין אַלע דריי שורעס.

**אויספיר**. דער וואָרט, וואָס שטימט מיט מיטן סובסטאַנטיוו אין מין און צאָל, הייסט **אַדיעקטיוו**. אין דער מיטשטימונג מיטן סובסטאַנטיוו נעמט אָן דער אַדיעקטיוו פאָלגנדיקע מין־פאָרמעס: **־ער** (מענלעכער מין), **־ע** (ווייבלעכער מין) און **־ע,־ס**, אָדער **נול־פאָרמע** (זאַכלעכער מין).
אין מערצאָל האָט דער אַדיעקטיוו איין פאָרמע פאַר אַלע דריי מינים **־ע**.
דער אַרטיקל **דער** איז אויך אַן אַדיעקטיוו.
אַדיעקטיוון באַשרייבן דאָסראָוו אייגנשאַפטן, סימאָנים און כאַראַקטער־שטריכן פון די סובסטאַנטיוון.

**אויפגאַבע 1**. דערווייזט, אַז די פאָלגנדיקע אונטערגעשטראָכענע ווערטער אין די פראַזעס זיינען אַדיעקטיוון.

דער הייסער פערד גייט רויקער אין אָוונט. האָט מינסק אוועקגעשיקט אַ צוג מיט הייסע יונגען. גייט אַרויס אַ האַסטיקער דעקרעט. דער פאַרהאָרוועטער קריַיז איז געזעסן און געהערט (כאַר.). טייך מיַין ליבער, גרויסער דניעפּער, ברענגן דולע און פאַרשייטע! פעלזן שווערע,

פעלזנ אלטע, שטראָמענ אומרויִקע, ווײַטע, שוועלנ אלטע, שטיינער גרויִע ליגנ רויִק אונ פארבאמענ דײַנע שטראָמענ, דײַנע דולע, זייער וועג צו ברייטע יאמענ (פעפ.).

**אופגאַבע 2.** שטעלט צו צו די פאָלגנדיקע ווערטער פארשיידענע סובסטאנטיוונ אונ דערוויַזט, אז זיי זײַנענ אדיעקטיוונ.

שווערער, אלטער, ערשטער, פריערדיקער, היַינטיקער, נעכטיקער שלעכטער.

## ווי אזוי פאסנ מיר צו די ארטיקלענ „דער“, „די“, „דאָס“ אונ אנדערע אדיעקטיוונ צומ סובסטאנטיוו.

**ארבעט 61.**

| | | |
|---|---|---|
| מאמע........ | פענצטער........ | הונ........ |
| צונג........ | בענקל........ | גלאָז........ |
| לערערקע........ | קו........ | אויוונ........ |
| שטול........ | לאנד........ | האָנ........ |
| שילער........ | אָקס........ | שנײַדער........ |

1. ניט אופגערעדטערהייט שטעלט צו צו יעדערנ פונ די געגעבענע סובסטאנטיוונ איינעמ פונ די ארטיקלענ „דער“, „די“, „דאָס“.
2. באמערקט, בא וועלכע סובסטאנטיוונ האָט קיינער ניט געצווייפלט וועלכנ ארטיקל צוצושטעלנ.
3. וועלכע סובסטאנטיוונ האָבנ זיכ באקומענ מיט פארשיידענע ארטיקלענ? פארוואָס?

**אויספיר.** צופאסנ דעמ ארטיקל אָנ קיינשומ צווייפל קענענ מיר נאָר צו די סובסטאנטיוונ, וואָס מיר ווייסנ זייער געשלעכט (אויסער פארקלענערונגענ).

אלע אנדערע סובסטאנטיוונ באנוצט מענ אינ פארשיידענע קאנטנ מיט פארשיידענע ארטיקלענ, צ. ב. קאָפּ. אינ אייניקע קאנטנ—דער קאָפּ, אינ אייניקע—די קאָפּ; אויוונ: אינ אייניקע קאנטנ—דער אויוונ, אונ אינ אייניקע—די אויוונ א. אנ.

אָפּהענגיק פונ דעמ ארטיקל, קענ מענ איינעמ אונ דעמזעלבנ סובסטאנטיוו אינ פארשיידענע קאנטנ פארעכענענ צו פארשיידענעמ מינ.

די ארטיקלענ **דער, די, דאָס** ווערנ אָנגערופנ **באשטימיקע ארטיקלענ.**

# דער מינ פונעמ סובסטאנטיוו, ווי ער איז אָנגענומענ אינ דער ליטעראטור [1].

## אַרבעט 62.

(אָריענטיר־טאבעלע).

| ארטיקל. | לויט באטײַט | לויט גראמאטישנ קלאס אדער לויט דער אָפּשטאמונג. | לויט סופיקס | לויט פרעפיקס |
|---|---|---|---|---|
| דער | 1) מענלעכער געשל.<br>פאָטער, קאָטער, האָנ א. ד. ג.<br>2) נעמענ פונ טעג, באדאש׳מ אונ צייטנ פונ יאָר. אָקטיאבער, נאָיאבער, זונטיק, מאָנטיק זומער, פרילינג [2]) | 1) פונ אַ ווערב אָנ אפיקסנ.<br>טאנצ—(טאנצנ)<br>שפרונג—(שפרינגענ)<br>טומל—(טומלענ) [3]) | 1) —יזמ. באָלשעוויזמ, מארקסיזמ, שאָוויניזמ, לעניניזמ.<br>2) —יוו. קאָלעקטיוו. | |
| די | 1) ווייבלעכער געשל<br>מוטער, קאצ, הונ, קו א. ד. ג. [4]) | | 1) ־הייט. פרײַהײַט, שיינהײַט, מינדערהײַט.<br>2) ־קייט. ריינקײַט, פײַנקײַט.<br>3) ־ונג. פארזאמלונג, אָנפירונג, פארוואלטונג.<br>4) ־שאפט. געזעלשאפט, ליבשאפט, קרוויועשאפט.<br>5) יק. קריטיק, פיזיק, גראמאטיק.<br>6) ־ע, ־יע. פּאָעזיע, מילכאָמע, פראָצעסיע, מאשינע, טעלעגראמע [5]).<br>7) ־ײַ. שנײַדערײַ, ווסטערײַ, סטאָלערײַ.<br>8) ־ניש, ־עניש. פינצטערניש, יאָגעניש. | |
| דאָס | 1) נעמענ פונ שטאָפנ<br>ביר, אײַזנ, בליי, גאָלד, זילבער.<br>2) נעמענ פונ לענדער אונ שטעט.<br>ענגלאנד, רוסלאנד, האָלאנד, אמעריקע א. א. [6]) | 1) אינפיניטיוונ.<br>לערנענ, שרײַבנ, קלערנ, לויפנ. | 1) ־ל, ־עלע. (פארקלענערונג). טעכטערל, פערדל, באָכערל, בענקל, שטולכל א. ד. ג.<br>2) ־טומ. רײַכטומ, אייגנטומ, פויערטומ.<br>3) ־טל. פערטל, דריטל, נײַנטל, צענטל.<br>4) ־ווארג. אלטווארג, יונגווארג, קליינווארג. | 1) גע—אָנ סופיקסנ.<br>געיעג, געשלעג, געפּעכטס, געפילדער, געטומל א. אנ. [7]). |

[1] מיר האָבנ זיכ אינ דעמ בוכ ניט אינגאנצנ געהאלטנ בא דער טאבעלע [2]) די וואָכ. די זאָכ. [3]) דאָס שפּיל, די שפּיל. [4]) דאָס ווײַב. [5]) די וועטער מאשינ, פאבריק, טעלעגראמ, וואָס האָבנ פארלאָרנ דעמ ־ע, גייענ אויכ מיטנ ארטיקל „די". [6]) מעגלעכ אויכ די אמעריקע, די מאָסקווע. [7]) דער בעראנק.

**אויפגאַבע 1.** פאַסט צו אַרטיקלען און אַדיעקטיוון צו די פאַלגנדיקע סובסטאַנטיוון.

גלײַכהײַט. פרײַהײַט. בורזשואַזיע. רעדנער. עסנוואַרג. מיינונג. ספּעציאַליסט. גאָלד. בלײַ. רײַכטום. פאַרייניקונג. ווירטשאַפט. קנעפּל. פּיסל. פּויערטום. אָרעמקײַט. ליבשאַפט. קולטור. זעקסטל. באַדערפעניש. געפיל. געהער. גערויש. פּראָגראַם. טעלעגראַם. אײַזן. שטיין. לאָך. קלאַפּ. הערויִזם. גרינוואַרג. געלאָפּ. קריגזיך. צײַטונג. פראַגע.

# די בויגפאַל-פאָרמעס פונעם אַדיעקטיוו.

**אַרבעט 63.**

**דער** גוטער, קלוגער מוישע קומט צו מיר.
איך וועל גיין צו דעם גוטן, קלוגן מוישען.
איך האָב ליב דעם גוטן, קלוגן מוישען.
**די** גוטע, קלוגע סאָרע קומט צו מיר.
איך וועל גיין צו דער גוטער, קלוגער סאָרען.
איך האָב ליב די גוטע, קלוגע סאָרע.
**דאָס** גוטע, קלוגע קינד קומט צו מיר.
איך וועל גיין צו דעם גוטן, קלוגן קינד.
איך האָב ליב דאָס גוטע, קלוגע קינד.

1. באַשטימט די בויגפאַל-פאָרמעס (נאָמינאַט. דאַט. אַקוז.) פון דעם סובסטאַנטיוו „מוישע“ אין אַלע דרײַ זאַצן.
2. באַטראַכט, אָפּהענגיק פון וואָס האָבן די אַדיעקטיוון געענדערט זייערע פאָרמעס.
3. מאַכט דורך דיזעלבע אַרבעט מיט די סובסטאַנטיוון „שוועסטער“ און „קינד“.
4. פאַסט אַרײַן אין דער פאָלגנדיקער טאַבעלע די אַדיעקטיוון פון די פריערדיקע זאַצן, אָפּטיילנדיק די בויגפאַל-פאָרמעס.

| | א יי נ צ אָ ל. | | | מערצאָל. |
|---|---|---|---|---|
| | מענל. מין | ווײַבל. מין. | זאַכל. מין. | |
| נאָמינאַטיוו | | | | |
| אַקוזאַטיוו | | | | |
| דאַטיוו | | | | |

5. פארמולירט, יועלכע בויגפאלנ פאלג צונויפ אינ די פארמעס.

6. פרווווט אויס, ווי וועלנ זײַנ די בויגפאל־פאָרמעס פונ דעמ אדיעקטיוו אינ מערצאָל אונ פאסט אריינ אינ דער טאבעלע.

**אויספיר.** דער אדיעקטיוו ענדערט זיכ, אָפּהענגיק פונ די בויגפאלנ פונ דעמ סובסטאנטיוו. דער אדיעקטיוו שטימט מיט מיטנ סובסטאנטיוו אינ מינ, צאָל אונ בויגפאל.

די בויגפאל־פאָרמעס פונ דעמ אדיעקטיוו זײַנענ פאָלגנדיקע: מענל. מינ — ־ער, ־נ; ווײַבל. מינ — ־ע, ־ער; זאכל. מינ — ־ע, ־נ.

דער ארטיקל „דער" אונ אייניקע אנדערע אדיעקטיוונ האָבנ אינ דאטיוו אונ אקוזאטיוו פונ מענל. מינ די פאָרמע ־עמ אָנשטאָט ־נ. צ. ב. שיינער— שיינעמ; הילצערנער—הילצערנעמ א. אנ.

**אופגאַבע 1.** פאסט צו די בויגפאל־פאָרמעס פונ דעמ אדיעקטיוו צומ סובסטאנטיוו.

ס'איז פיניענ גוט מיט הילכיק... געלעכטער (מענל.) לאבנ—לאכנ הילכיק איבער שטאָט (כאר.). אכ, ווו נעמט מענ איצט א פראָסט... גילדנ (מענל.) (כאר.). אויל, דאָס פליענ אופ אונ וויכערנ אפ לענדער פונ דײַנ שווארצ... אָדלער אויסגע־פליקט... פעדערנ (קושנ.). אונ שטעקלענ וועקנדיק... שיטנ שרויט אפ שטײַפ... פײַקל (האָפ.). כ'באדעק דעמ זיבצ פונ אָפגעשוואכטע מיט הילכיק... געלעכטער (האָפ.). אינ קליינ... שטיבל אָפּטמאָל עפעס טוט א פינקל (לייוו.). וועלנ מיר די נאכט די ערשטע שלאָפנ אינ א וואלד אינ א זומערדיק... לאנד (מיטל.). גייענ מיר צו אונדזער גרויס... היימ (ווײַבל.). אפ נאכט (קוו.). נײַנ טעג, נײַנ נעכט האָט זיכ געצויגנ אינ פעלד ד... טרויעריק... שלאכט (מענל.). (פעפ.).

**אופגאַבע 2.** צו די פאָלגנדיקע ווערטער טראכט צו זאצנ אונ דערקלערט, ווי האָט עס געקענט טרעפנ, אז די אדיעקטיוונ, וואָס ציענ זיכ צו די סובסטאנטיוונ פונ מענל. מינ אונ ווײַבלעכנ מינ, האָבנ דיזעלבע פאָרמע.

| | |
|---|---|
| ...דער גרויסער פירער... | ...דער גרויסער פירערנ... |
| ...דער גוטער לערער... | ...דער גוטער לערערנ... |
| ...דער באליבטער דיכטער... | ...דער באליבטער דיכטערנ... |
| ...דער געטרײַער כאוור... | ...דער געטרײַער כאווערטע... |
| ...דער ערלעכער מאנ... | ...דער ערלעכער פרוי... |
| ...דער בעסטער ברודער... | ...דער בעסטער שוועסטער... |

## ציִ נעמען אָן אלע אדיעקטיִוון פאָרמעס פון מיִן און בויגפאל.

### אַרבעט 64.

דער מאָסקווער כאווער קומט צו אונדז
די מאָסקווער כאווערטע " "
דאָס מאָסקווער בלעטל קומט מיר אָן.

1. ציִ האָט זיך געענדערט דער אדיעקטיוו לויטן מיִן?

די מאָסקווער כאווײרים קומען צו אונדז.
די מאָסקווער כאווערטעס " "
די מאָסקווער בלעטלעך קומען אונדז אָן.

2. ציִ האָט זיך געענדערט דער אדיעקטיוו אין מערצאָל?

איך קום צום אוקראַיִנער דיכטער.
איך האָב ליב דעם אוקראינער דיכטער.
איך קום צום מאָסקווער כאווער.
איך האָב ליִב דעם מאָסקווער כאווער.

3. ציִ האָבן זיך געענדערט די אדיעקטיוון, אָפּהענגיק פון די בויגפאלן פונעם סובסטאנטיוו?

> **אויספיִר.** אייניקע אדיעקטיוון, וואָס באשרײַבן געאָגראפישע אָפּשטאמונג און האָבן דעם סופיקס „־ער", (־ר), האָבן איין פאָרמע פאר אלע מינים, בויגפאלן און צאָלן (אוקראַיִנער א. דג.).

**אויפגאַבע 1.** פרווט אויס די פאָלגנדיקע אדיעקטיוון, וועלכע פון זיי זײַנען צווייפאָרמיקע און וועלכע איינפאָרמיקע.

מינסקער. רוסישער. רוסלענדער. ענגלענדער. ענגלישע. אמעריקאנער. אמעריקאנישע. לענינגראדער. האָלענדישער. האָלענדער. דײַטשישער. דײַטשלענדער. אויסלענדער. אויסלענדישער. כארקאָווער..

**אויפגאַבע 2.** גיט איבער דעם אינהאלט פון די פאָלגנדיקע ווערטער אפּ איינעם, צוויי, אָדער דרײַ רייד־אויפאנים פון די, וואָס זײַנען אָנגעוויזן אונטן אין דער טאבעלע.

דער מאמעס צימער. וואלד־שוימער. לענינישער פארבאנד. וועלדער פון ווײַס־רוסלאנד. שטוב־טיר. רײַאָנישער קאָמיטעט. כאָר פון האמערן. סאָוועטישע מאכט.

וואנט־זייגער. קאָלווירט. וואנט־צײַטונג. קאָמפּארטיי. כערסאָנער פעלדער. פעלד־ארבעט א. אנ.

| דורך אדיעקטיוו | דורך באהערש. מיט א פּרעפּאָז. | דורך א פּאָסעסיוו | דורך א צונויפזאַץ | אברעוויאַציע | דורך א גאנצער פראַזע |
| --- | --- | --- | --- | --- | --- |
| שטוביקע טיר | דער צימער פון דער מאמען | דער מאמעס צימער | שטוב־טיר | | דער צימער געהערט דער מאמען |

**אויפגאַבע 3.** דעם אינהאַלט פון די אונטערגעשטראָכענע ווערטער אין די פערזן גיט איבער מיט אנדערע רייד־אויפאנים, וואָס זײַנען אָנגעוויזן אויבן אין דער טאבעלע.

רויטיק, אָבער ליכטיק ברענען פעסער פעכענע (קושנ.). (1)
דער רוף צו קאמף מוז יעדער לאנד דערלאנגען (קוו.). (2)
מיר זײַנען אומעטום מיט לענינס פאָן אין האנט. (פעפ.). (3)
געלעבט האָבן פויערים קאָרענע מיט ווײַבער, מיט פעלדער און פערד
(פעפ.). (4)
אפן שויס פון דניעפּער זילבער־גלאנצן שפּילן (גילד.). (5)
אייביק, אייביק וועט דאָס הארץ פון לענין שטורמען בא רעוואָליוציע
אין ברוסט (מאיאק.). (6)
ניין! עס וועט ניט שלאָפער ווערן לענינס ווילן אין מיליאָנען־
ווילן פון קאָמפּארטיי (מאיאק.). (7)
אין ביימערשע רייען א שליאך. אפן שליאך זײַנען מענטשן געגאַנ־
גען (פעפ.). (8)
דארף מען—ווערט מען יאמישע מאטראָסן פונעם ווײַטן, פונעם רויטן
פלאָט (פעפ.). (9)
זינגען מיר דאָ קאמף, מיר זינגען זיג־געזאנגען (קוו.). (10)
ווייען די פאָנען די רויטע אפ קיעווער קרעשטשאטיק,
רוען אפ שטיינער פון גאסן די זיגער די מאטע (פינינ). (11)

(12) דאָרט איבער שטעט האָט שוין געקלונגען
פון שפּיץ פון טורעם אי איינס, אי צוויי...
אין טהאָם פון נאכט אין לאנד פון שניי
איז איינס א דערפעלע פארזונקען (האָפּ.).

**אויפגאַבע 4.** גיט איבער דעם אינהאלט פון די אונטערגעשטראָכענע ווער־טער איין מאָל מיט א צווייפאָרמיקן אדיעקטיוו און איין מאָל מיט אן איינפאָרמיקן.

מיר האָבן זיך פארבונדן מיט די פּיאָנערן פון דײַטשלאנד. רוסלאנד האָט צוגעשיקט א נאָטע דער רעגירונג פון ענגלאנד. דער בעסטער צוקער איז דער צוקער פון רוסלאנד. דער קאָמינטערן האָט זיך גע־ווענדט מיט א בריוו צו דער קאָמפּארטיי פון אמעריקע. אין קאָמינ־טערן זײַנען פאראן פאָרשטייער פון דעם פּראָלעטאריאט פון דײַטש־לאנד, פון דעם פּראָלעטאריאט פון פינלאנד, פון דעם פּראָ־לעטאריאט פון אינדיע, פון דעם פּראָלעטאריאט פון אר־גענטינע, פון דעם פּראָלעטאריאט פון כינע—פון דעם פּראָלע־טאריאט פון דער גאנצער וועלט.

## אָרדענונג פון דעם סובסטאנטיוו מיטן אדיעקטיוו.

### אַרבעט 65.

ווייען די פאָנען די רויטע אף קיעווער קרעשטשאטיק
רוען אף שטיינער פון גאסן די זיגער די מאטע
אין מיטן די גאסן קאנאָנען—פארבלוטיקטע שטייען.
אין ראָד רויטארמייער אף שטיינער פון גאס—אלעקסייעוו.
דעם קאָפּ צוגעטוליעט צו אײַזערנער וואנט פון קאנאָנע:
— ניטאָ שוין קײַן הילצערנע שטיבל, ניטאָ שוין קײַן באָנים.
נאָר אף שטרעקעס אף גרויסע צום קרעמל זיך טראָגט א יעדיע:
— קרעמל, זײַ וויסן, גענומען איז קיעוו!!
(פינינבערג „באם דניעפּער״).

1. באמערקט, וואָס קומט פאָר מיטן ארטיקל און פּרעפּאָזיציע, ווען דער אדיעקטיוו שטייט נאָכן סובסטאנטיוו:

**אויספיר.** דער אדיעקטיוו קען שטיין פארן סובסטאנטיוו און נאָכן סובסטאנטיוו. אויב דער אדיעקטיוו שטייט נאָך א סובסטאנטיוו, וואָס האָט צו זיך אן ארטיקל אָדער א פּרעפּאָזיציע, כאַזערט זיך אָפּט איבער דער ארטיקל אָדער די פּרעפּאָזיציע אויך בא דעם אדיעקטיוו (קלאָרע הימלען—הימלען קלאָרע; די קלאָרע הימלען—די הימלען די קלאָרע; פון קלאָרע הימלען—פון הימלען פון קלאָרע).

**אופגאַבע 1.** בײַט די אָרדענונג פונעמ אדיעקטיוו מיטנ סובסטאנטיוו אינ די פאָלגנדיקע זאצנ:

ס'איז פיניען גוט צו זײַנ א יונגער בלעכער (כאר.). שטייענ בערג מיט פארי־סענע קעפ (קאה. א.). אפ רויכיקע ערדנ פונ הילכיקע שלאכטנ אונ רויטיקע נעכט, הײַנט גייט מענ שוינ מער ניט אָנ פאָנעג, אָנ שווערדנ ווי קנעכט (פעפ.). איז א גרויסער יאָגטעוו הײַנט אפ יעדנ הויפ (פעפ.). גייט אופ פונ פײַכטער ערד ביז הימלדיקע הויכנ א העלער אונ א זומערדיקער רויכ (כאר.). עס סוידענ זיכ פעלדער מיט זײַדענע רוישנ, פארטרויענ דעמ ווינטל די סטעפישע רייד, אונ צערטלעכ זיי וויגנ אפ גאָלדענע שויסנ פאר נאָענטנ מאָרגנ א דופטיקע פרייד (גילד.). מיט פײַנערע טענער, מיט שטארקערע טענער, גלוסט זיכ א רינגל־טאָנ, העכער אונ שענער (קוו.). אונ הויכ פארוואַרפט זײַנ רופ דער שײַנענדער טרו־מייט (האָפ.).

**אופגאַבע 2.** אינ די פאָלגנדיקע זאצנ שפּאָרט אײַנ די פרעפּאָזיציע אונ ארטיקל, וואָס בא דעמ אדיעקטיוו.

אינ דערפער אינ טונקעלע, אפ פעלדער פארשנייטע א מאכנע געגאנגענ, א מאכנע פארבליט (פעפ.). די זינ די רויטע היטנ אונדז, — די העלדישע ארמיי! (קוו.). אונדזער לאנד דאָס פריידיקסטע, אונדזער לאנד דאָס ערשטע (קוו.). אפנ דניעפער אפנ בלויענ שאָטנס ליבע זע איכ שווימענ (פעפ.). אינ זומער אינ העלנ איז מערער נאָכ פונקענ אינ וואסערנ אלטע פונ דניעפרישנ סטעפ (פעפ.). באלד וועט זיכ א שטעטעלע א ווײַטינקס דאָ דערפרייענ, וויקלענ אונ פארוויקלענ זיכ אינ רויכ (כאר.). אונטער פענדל, אונטער רויטנ זאטע הענט אונ זאטע קעפ (פעפ.). א גרוס א שטילנ פונ דעמ לאנד דעמ ווײַטנ טראָגנ נאָכ דערוויַילע רופ אונ באריכטנ (האָפ.). צו דעמ יאמ צו דעמ שווארצנ פליענ ווינטנ אונ זינגענ וועגנ נײַע זאוואָדנ, וועגנ קרעפטיקע יונגענ (פעפ.).

**אופגאַבע 3.** שטעלט דעמ אדיעקטיוו נאָכנ סובסטאנטיוו איינ מאָל מיט אנ ארטיקל, אָדער פרעפּאָזיציע אונ איינ מאָל אָנ זיי.

דורכ טעג אזוי, דורכ נעכט אזוי, דורכ קײַלעכדיקע וואָכנ... אז ווו איז נויט אונ וואָס איז נויט בא פראָסטע באלמעלאָכעס (כאר.). וואָס ווייס א יונג פונ אויסגעקרימטע געסלעכ (כאר.). אפ אלטע קראָמענ הענגענ אלטע שילדנ (כאר.). באמ דניעפער צווישנ פעלזיקע שטיינער איז פאראנ א טיפער טאָל (קאה. א.). איצט דרעשט א מאשינ די געראָטענע זאנגענ (גילד.). זײַנע כעוורע אפ די פעלדער אונטער בלויע הימלענ (וויינ.). האָט מינסק אוועקגעשיקט א צוג מיט הייסע יונגענ (כאר.).

# ווי אזוי ווירקט די ווערטער-אָרדענונג אף אייניקע אדיעקטיוון.

## אַרבעט 66.

אקסל מײַנער,
אקסל דײַנער,
ביידע רירן זיי זיך אָן
(קוו.).

די גאנצע וועלט איז
די ווינונג אונדזערע.
איך זאָג צו דער
שוועסטער מײַנער.
די שוועסטער זייערע
לערנט זיך אין שול.

מײַן אקסל,
דײַן אקסל,
ביידע רירן זיי זיך אָן

די גאנצע וועלט איז
אונדזער ווינונג (כ.).
איך זאָג צו
מײַן שוועסטער.
זייער שוועסטער
לערנט זיך אין שול

מײַנער אן אקסל,
דײַנער אן אקסל,
ביידע רירן זיי זיך אָן.

די גאנצע וועלט איז
אונדזערע א ווינונג.
איך זאָג צו
מײַנער א שוועסטער.
זייערע א שוועסטער
לערנט זיך אין שול.

1. באשטימט דעם בויגפאל פון יעדער אונטערגעשטראָכענעם אדיעקטיוו (האָריזאָנטאל).
2. באשטימט, ווען נעמען אָן די אונטערגעשטראָכענע אדיעקטיוון פאָרמעס און ווען ניט.
3. פרוווט אויס די אדיעקטיוון „אירער״, „אײַערער״, „זייערער״ א. אנ.
4. וואָס איז דער אונטערשייד אין אינהאלט, אז מיר זאָגן „מײַן אקסל״ און „מײַנער אן אקסל״.
5. וואָס טראָגט דאָ אריין דעם אינהאלט פון אומבאשטימטקײַט?
6. צי קען מען זאָגן מײַנע א שוועסטער, ווען מע האָט נאָר איין שוועסטער?

**אויספיר.** די אדיעקטיוון „מײַנער", „דײַנער", „זײַנער", „אירער", „אונדזערער", „אײַערער", „זייערער" א. אנ. נעמען אָן פאָרמעס, ווען זיי שטייען נאָכן סובסטאנטיוו. ווען זיי שטייען פארן סובסטאנטיוו נעמען זיי קיין פאָרמעס ניט אָן, סײַדן צווישן זיי און דעם סובסטאנטיוו שטייען די ארטיקלען „א" „אן", וואָס גיבן צו דעם סובסטאנטיוו אן אינהאלט פון אומבאשטימטקײַט.

**אויפגאבע 1.** בויט איבער די זאצן אזוי, אז די אונטערגעשטראָכענע אדיעקטיוון זאָלן אָנעמען פאָרמעס.

זאמדיקע, שטילע, פארוואָרפענע געסלעך, היים—אונדזער בלוטיקער מינסק (כאר.). דאָס האָסטו, מײַן לאנד, די וועלט באראשט מיט קלאנגען (קושנ.). מאכט א ווארע, מאכט א ווארע, לאָזט מײַן ברודער גיין אין קאָן (קוו.). אונדזער מיזרעך איז צעפלאקערט (קוו.). פון מײַן ברודער שמעקט מיט שטרוי (קוו.). און הייס איז אונדזער בלוט, און פעסט איז אונדזער לאנד (פעפ.). טראָגן מיר מיט דרייסט מיט הארטן אונדזער וואכט (קוו.). און גאָרניט וועט ניט אָפּהאלטן געוואגטן גאנג

צ׳ אונדזער גרויסנ יאָנטעוו (קושנ.). מאָרגנ! פאר דײַנ העל, טראָגנ מיר די לעבנס אָפּ. לייגנ מיר די קעפּ אוועק, פאר דײַנ שוועל, פאר דײַנ טיר — — — מיר... (קוו.).

צ. ב. היים — אונדזער בלוטיקער מינסק = היים — בלוטיקער מינסק אונ־דזערער.

**אופגאַבע 2.** דערווײַזט, אז די אונטערגעשטראָכענע אדיעקטיוונ קענ מענ געברויכנ אָנ פאָרמעס.

נו, דו, כאָכעמ מײַנער, הער נאָר, — וואָסטו עפּעס איצטער זאָגנ? (מארק.). מירנ ברויט דײַנעמ ניט עסנ אונ דײַנ ווײַנ איז אונדז דערווידער (זעל.). לייג זיכ שלאָפנ, זונ מײַנער, שוינ צײַט (טייפּ). פארטיי מײַנע! מיט דיר! מיט דיר בינ איכ צוזאמענ (קאָוו.). לאָז מיכ, מאמע מײַנע, לאָז מיכ, ליבע (טייפּ). קוקט קאָמאנדיר אפנ פישער, דער בליק זײַנער בויערט (פינינ.). אפ די וועגנ סיבירער קענ עמעצ נאָכ איצטער געפינענ א קנעפּל, א שטריקל, פונ מײַנעמ א צעריסענעמ שוכ (לייוו.), געקומענ זײַט איר, ברידער מײַנע פילע, צו ווײַזנ דעמ פרײַז פונ שטילער מי, דעמ ווי פונ אײַער לײַב (שוואר.). אינ הײַזל אייגעמ איז פארבליבנ א שטילע ראָד פונ לאָמפּנ־שײַנ (האָפּ.).

**אופגאַבע 3.** טראָגט ארײַנ אינ די סובסטאנטיוונ דעמ אינהאלט פונ אומבאשטימטקײַט (איינס פונ צוויי, איינס פונ אסאכ).

איכ האָב אָנגעטאָנ דײַנ שוכ. זײַנ וואָרט האָט געמונטערט די מאסנ. אונדזער קאָאָפּעראטיוו ארבעט גוט. איכ האָב דערהאלטנ אײַער בריוו. זייער זונ איז אוועק אינ דער ארמיי. איכ האָב געפּרוווט אקערנ מיט אײַער טראקטער. איכ לייענ איצט דײַנ בוכ. די שוועסטער זיצט בא איר כאווערטע.

צ. ב. אונדזער טיש איז בא אײַכ — אונדזערער א טיש איז בא אײַכ.

**אופגאַבע 4.** באשטימט, פארוואָס קענ מענ אינ די פאָלגנדיקע סובסטאנ־טיוונ ניט ארײַנטראָגנ דעמ אינהאלט פונ אומבאשטימטקײַט (איינס פונ צוויי, איינס פונ אסאכ).

עס טוט מיר ווי מײַנ קאָפּ. זײַנ שטימ קלינגט זייער שיינ. זייער פאָטער ליגט קראנק. זײַנ מוטער איז ניטאָ אינדערהיימ. אונדזער מיזרעכ איז צעפלאקערט (קוו.) ווו איז ער דער גאָרנישט, וואָס ווייס ניט דײַנ נאָמענ (האָפּ.). בלאס איז דאָס זײַדנצײַג פונקט ווי מײַנ פענעמל, דורכזיכטיק דינ, ווי מײַנ הויט (פּ.).

(ווײַל מער ווי אײנ קאָפּ אונ אײנ מאמע איז בא א מענטשן ניטאָ).

**אופגאַבע 5.** באשטימט, פארוואָס קענ מענ אינ די פאָלגנדיקע סובסטאנ־טיוונ ניט ארײַנטראָגנ דעמ אינהאלט פונ אומבאשטימטקײַט (איינס פונ צוויי, איינס פונ אסאכ).

ווען כ'זע דײַנע הערשער, וואָס טרינקען דײַן בלוט (באָווש.). אײַער שרײַבן געפעלט מיר ניט. דײַן ברויט ווען מיר ניט עסן און דײַן ווײַן וועלן מיר ניט טרינקען. און זע ווי די גאנצע נאטור איז גרייט צו פאַר־זיסן דײַן לעבן. און פיל אין דײַן ברוסט א פארלאנגען און פיל אין דײַן הארצן א שטרעבן (באָווש.). הונדערטער זאוואָדן, הונדערטער פאבריקן ווארטן אפ דײַן קראפט (פעפ.). די ערד האָט צעעפנט די טויקע ליפן, עס שפרייט זיך איר אָטעם, ווי שלייערן רויך (גילד.). מע וועט נאָך, מע וועט אײַער פרייד נאָך געניסן, איך זע דאָס, איך פיל דאָס, איך ווייס (גילד.). זײַן שפילן, זײַן טאנצן האָט אלעמען געוווּנדערט.

(ווײַל מע קען די דאָזיקע סובסטאנטיוון ניט ציילן אפ איינס, צוויי א.א.וו.).*

**אופגאבע 6.** טראכט צו זאצן, אין וועלכע מע קאָן אריינטראָגן דעם איינהאלט פון אומבאשטימטקייט און אין וועלכע מע קאָן ניט.

# ג. אַזוי און ווען באקומט דער אדיעקטיוו די באדייטונג פון א סובסטאנטיוו.

## אַרבעט 67.

| | |
|---|---|
| 1) א טויבער מענטש הערט ניט. איך קאָן א גרויסן געלערנטן מענטשן. | א טויבער הערט ניט. איך קאָן א גרויסן געלערנטן. |

1. ווו האָט דאָ דער אדיעקטיוו די באדײַטונג פון א סובסטאנטיוו מיט אן אדיעקטיוו צוזאמען?
2. וועלכע סובסטאנטיוון קען מען צושטעלן צו די אדיעקטיוון אין די זאצן פון דער לינקער זײַט?

| | |
|---|---|
| 2. דער קראנקער פערד ליגט. איך קען א גוטן געלערנטן הונט. | דער קראנקער ליגט. איך קען א גוטן געלערנטן. |

1. אין די זאצן פון דער לינקער זײַט אפן אָרט פונעם פארשפאָרטן סובסטאנטיוו וועט איר פאר־שטיין „פערד" און „הונט", אָדער „מענטש"?

3) דער קראנקער פערד ליגט, דער געזונטער ארבעט.
דאָס בוך ליגט ניט אפן קליינעם טיש, נאָר אפן גרויסן.
איך וויל ניט קיין שווארצן ברויט, נאָר ווײַסן.

1. פארוואָס פארשטייען מיר אין אָט די זאצן גוט דעם סובסטאנטיוו, וואָס געהערט צו די אדיעק־טיוון „ווײַסן", „גרויסן", „געזונטער"?
2. ווו איז די לאָגישע אקצענטירונג אין די זאצן?

**אויספיר.** ווען דער אדיעקטיוו קומט מיט די סובסטאנטיוון „מאנ", „מענטש", „פרוי", „פערזאָנ", קען מען דידאָזיקע סובסטאנטיוון זייער אָפט פארשפּאָרן (דער טויבער מאנ = דער טויבער). אין אזוינע פאלן האָט אין זיך דער אדיעקטיוו אויך דעם אינהאלט פון דעם סובסטאנטיוו, ד. ה. ער ווערט סובסטאנטיווירט. אלע אנדערע סובסטאנטיוון קען מען פארשפּאָרן בא דעם אדיעקטיוו נאָר דאן, ווען אין א פריערדיקן צי אין א שפּעטערדיקן טייל פון זאצ ווערן זיי דערמאָנט מיט אנ אנדער אדיעקטיוו, וואָס האָט א קעגנזעצלעכן אינהאלט צו דעם סובסטאנטיווירטן אדיעקטיוו.

אין אזוינע פאלן טראָגט דער סובסטאנטיווירטער אדיעקטיוו דעם לאָגישן אקצענט.

כוצדעם איז מעגלעך די סובסטאנטיווירונג אין איינציקע אָנגענומענע אויס־דריקן אויך אין אנדערע פאלן. (די שטאָט האָט זיך אָנגעטאָן אין רויטן. אז מע ברייט זיך אָפּ מיט הייסן, בלאָזט מען אפ קאלטן א. אנ.).

**אופגאבע** 1. סובסטאנטיווירט די אדיעקטיוון אין די פאָלגנדיקע זאצן.

פרעגט ניט בא דעם אלטן מאנ, פרעגן בא דעם קלוגן מאנ (שפּר.). דער רייכער מענטש וויל ניט פארשטיין דעם אָרעמען מענטשן (שפּר.). א קלוגער מענטש פארשטייט אפן ווונק (שפּר.). דער בלינדער מאנ נעמט ניט אופ קיין פארבן. די רויטע ארמייער האָבן צעשלאָגן די ווייסע ארמייער.

**אופגאבע** 2. דערווייזט, אז די פאָלגנדיקע אדיעקטיוון זיינען סובסטאנ־טיווירטע, צ. ב. איז דער יינגסטער א.א.וו. = איז דער יינגסטער באָכער א.א.וו.

איז דער יינגסטער דער ערשטער צום פאלאצ אוועק (כאר.). און פון שטאָט צו די בערג האָבן יונגע דעם יינגסטן געשיקט (רעז.). שטייען עלטערע און קוקן, כקירען זיי, האָרגען זיי מיט פינגער (קוו.) איך וועק די מידע, כ'באדעק דעם זיפּצ פון אָפּגעשוואכטע מיט הילכיקן געלעכטער (האָפּ.). יעדער ארבעטנדיקער באקומט זיין לוין. ניט דער ערשטער, ניט דער לעצטער פאלט ער אפן פעלד דער שלאָפט ניט פאר ווייטיק, דער צווייטער פאר שרעק; דער שרייט: ס'איז מיין אשרעס, מיין רייכטום, מיין גוט; און יענער: ס'איז טרערן, מיין שווייס און מיין בלוט!(פּ.). מיינע, אז זי וויל, קאנ זי (ש.־אל.). שטילער, פארמאטערטע, רויקע, טייערע, ווער וועט פארהיטן די רו? (כאר.).

**אופגאבע** 3. דערווייזט, אז מע קען דאָ ניט פארשפּאָרן דעם סובסטאנטיוו און סובסטאנטיווירן דעם אדיעקטיוו, ווייל עס וועט ליידן די פינקטלעכקייט פון געדאנק.

האָבן זיך עלטערע יידן פארקלערט (כאר.). העי, ווו זייט איר, גיכער, יונגע שניטער (כאר.) אלטע זיידעס זיינען אלצ נאָך זיידעס (כאר.). א גוטער נאָמען

לאָזט זיך הערן (שפּר.). אזוי, זאָג איך, ביסטו שוין, שפּרינצע, אַן אופגעקלערטע פילאָזאָפקע (ש.־אל.). מיט פרעמדן סייכל לעבט מען ניט (שפּר.). קלוגע רייד ווילט זיך הערן. איך וויל ניט קיין שווארצן ברויט.

**אופגאבע 4.** פון יעדערע צוויי קעגנזעצלעכע אדיעקטיוון בויט א פראזע, ווו איינער פון די אדיעקטיוון זאָל ווערן סובסטאנטיווירט מיט פארשיידענע סובסטאנטיוון. שטרייכט אונטער דעם סובסטאנטיווירטן.

שווארצער—ווייסער. קליינער—גרויסער. גוטער—שלעכטער. הויכער—נידעריקער. קאלטער—ווארעמער. זיסער—ביטערער. שטארקער—שוואכער. הילצענער—אייזערנער. גאָלדענער—זילבערנער. שיינער—מיעסער. פוילער—פלייסיקער. קלוגער—נארישער. פרייער—פארשקלאפטער.

צ. ב. איך וויל ניט קיין שווארצן ברויט, איך וויל ווייסן; דער הויכער האָט בייגעקומען דעם נידעריקן.

# יעגן אייניקע סופיקסן, דורך וועלכע דער אדיעקטיוו באקומט פארשיידענע ביי-איגהאלטן.

## ארבעט 68.

| | |
|---|---|
| 1. א רויט ־ער עפּל. | א רויט ־ינק ־ער עפּל. |
| א ווייך ־ער באר. | א ווייך ־ינק ־ער באר. |

1. טיילט אויס דעם סופיקס, וואָס איז צוגעקומען אין די אדיעקטיוון פון דער לינקער זייט קעגן די אדיעקטיוון פון דער רעכטער זייט.

2. באשטימט, וועלכן סופיקס דארפן מיר צוגעבן צו די אדיעקטיוון, אויב מיר ווילן דורך זיי אויסדריקן צערטלעכע באציונג און ליבע־געפיל צו זאכן.

| | |
|---|---|
| 2. א רויט ־ער עפּל. | א רויט ־לעך ־ער עפּל. |
| א ווייס ־ער מאנטל. | א ווייס ־לעך ־ער מאנטל. |
| א בלוי ־ער הימל. | א בלוי ־לעך ־ער הימל. |

1. טיילט אויס דעם סופיקס, וואָס איז צוגעקומען אין די אדיעקטיוון פון דער לינקער זייט קעגן די אדיעקטיוון פון דער רעכטער זייט.

2. אין וועלכן פון די עפּל איז די פארב שוואכער, אין דעם רויטן צי אין דעם רויטלעכן?

3. וואָס פאר א וואָרט וואָלט מען געקענט צושטעלן צו די אדיעקטיוון פון דער רעכטער זייט, אז עס זאָל זיך באקומען דערזעלבער אינהאלט, וואָס מיר האָבן אין די אדיעקטיוון פון דער לינקער זייט? (ווייניק, קנאפ, ניט גענוג א. אז.).

| | |
|---|---|
| 3. א רויט ־ער עפּל. | א רויט ־ער ־ער עפּל. |
| א ווייס ־ער מאנטל. | א ווייס ־ער ־ער מאנטל. |
| א בלוי ־ער פאפיר. | א בלוי ־ער ־ער פאפיר. |

1. ווײַזט אָן דעם סופיקס, וואָס איז צוגעקומען אין די אדיעקטיוון פון דער לינקער זײַט קעגן די אדיעקטיוון פון דער רעכטער זײַט.

2. צי קענען מיר זאָגן „א רויטערער עפּל“, ווען מיר ריידן נאָר וועגן איין עפּל?

3. צי קענען מיר זאָגן „א רויטערער עפּל“, ווען איינער פון די עפּל איז א שווארצער?

4. וואָס פאר א וואָרט וואָלט מען געקענט צושטעלן צו די אדיעקטיוון פון דער רעכטער זײַט, אז עס זאָל זיך באקומען דערזעלבער אינהאלט, וואָס מיר האָבן אין די אדיעקטיוון פון דער לינקער זײַט?

| | |
|---|---|
| 4. דער רויט ־ער עפּל. | דער רויט ־סט ־ער עפּל. |
| דער פײַן ־ער מאנטל. | דער פײַן ־סט ־ער מאנטל. |

1. ווײַזט אָן דעם סופיקס, וואָס איז צוגעקומען אין די אדיעקטיוון פון דער לינקער זײַט קעגן די אדיעקטיוון פון דער רעכטער.

2. וואָס איז דער טײַטש „דער העכסטער“, „דער פײַנסטער“.

3. וואָס פאר א וואָרט וואָלט מען געקענט צושטעלן צו די אדיעקטיוון פון דער רעכטער זײַט און באקומען דעמזעלבן אינהאלט, וואָס מיר האָבן אין די אדיעקטיוון פון דער לינקער זײַט?

**אויספיר.** די אדיעקטיוון מיטן סופיקס ־ינק דריקן אויס א ליבע־באציִונג פונעם ריידער צו די זאכן, וועגן וועלכע ער רעדט. די אדיעקטיוו מיטן סופיקס ־ינק הייסן **פארצויגענע אדיעקטיוון.**

אדיעקטיוון מיטן סופיקס **־לעך** ווײַזן א קלענערע מאָס פון יענער אייגנשאפט, וואָס עס באצייכנט דערזעלבער אדיעקטיוו אָן דעמדאָזיקן סופיקס. די אדיעקטיוון מיטן סופיקס ־לעך הייסן **אָפּגעשוואכטע אדיעקטיוון.**

אדיעקטיוון מיטן סופיקס **־ער** הייסן **פארגלײַכיקע אדיעקטיוון.** די פארגלײַכיקע אדיעקטיוון געברויכן מיר דאן, ווען מיר פארגלײַכן צוויי זאכן (עפּל) מיט אַלצייגע אייגנשאפטן (רויטע) און מיר באמערקן, אז אין איינער פון די זאכן איז די אייגנשאפט אין א גרעסערער מאָס. דעם סופיקס **־ער** וואָלט מען געקאָנט פארבײַטן מיט דעם וואָרט **„מער“** (העכערער = מער הויכער).

אדיעקטיוון מיטן סופיקס **־סט** הייסן **איבערשטײַגיקע.** די איבערשטײַגיקע אדיעקטיוון ווײַזן, אז די אייגנשאפט איז אין דער זאך אין אזא מאָס, אז זי צייכנט אויס די געגעבענע זאך פון אלע ענלעכע זאכן. (דער שענסטער מענטש = דער סאמע שיינער = דער שענערער פון אלע שיינע).

די סופיקסן ־ינק, ־לעך, ־ער, ־סט שטעלן זיך צו צום וואָרצל פון אדיעקטיוו.

**אויפגאבע 1.** פון די פאָלגנדיקע אדיעקטיוון בילדעט אויס און שרײַבט אָן אדיעקטיוון מיט די סופיקסן:

**־ינק** (פארצויגענע) געלער, פראָסטער, גרויער, טרוקענער, פרישער, ווייכער, שוואכער, ליבער, פולער.

**־לעך** (אָפּגעשוואכטע) שיטערער, געדיכטער, גרינער, שוואכער, קאלטער,ווארעמער.

־ער (פארגלײַכיקע), פרײלעכער, העלער, גרינגער, יונגער, שװארצער, הױכער, װײַסער, שײנער, דרײסטער.

־סט (איבערשטײַגיקע), װײכער, גליקלעכער, שװערער, פלינקער, אלטער, ליבער, נידעריקער, קורצער, קלוגער.

**אױפגאבע 2.** בילדעט אױס די פארגלײַכיקע און איבערשטײַגיקע פֿארמעס פון פֿאָלגנדיקע װערטער.

גוטער, שלעכטער.

**אױפגאבע 3.** באטראכט, װאָס קומט פֿאָר מיט די שטאם־װאָקאלן, װען מיר בילדן אױס פון געװײנטלעכע אדיעקטיװן פארגלײַכיקע און איבערשטײַגיקע און מאכט אן אױספיר צװישן װעלכע װאָקאלן קומט פֿאָר דער בײַט.

| געװײנטלעכע | פארגלײַכיקע | איבערשטײַגיקע |
|---|---|---|
| יונגער | | |
| הױכער | | |
| שײנער | | |
| גרױסער | | |
| קאלטער | | |
| קלײנער | | |
| גראָבער | | |
| קורצער | | |
| שמאָלער | | |
| געזונטער | | |
| קלוגער | | |

**אױפגאבע 4.** פארבײַט די פֿאָלגנדיקע אדיעקטיװן. װאָס האָבן די סופיקסן ־ינק, ־ער, ־סט, ־לער אפ געװײנטלעכע און האלט אײַן דעם אינהאלט פון די אָנגעװיזענע סופיקסן.

העכסטער, קאלטלעך, רײנסטער, גרינגערער, ייִנגסטער, גערשטנסטער, שענערער, גרינטלעך, היציקלעכער.

צ. ב. העכסטער = סאמע הױכער א. א. װ.

**אופגאבע 5.** פארטײַטשט די פאָלגנדיקע אדיעקטיװנ מיט אנדערע װערטער, דערקלערט, װאָס איז דער טײַטש פונ דעם אויסגעטײלטנ סופיקס.

א בלעכ ־ענ ־ע פענדל = דאָס פענדל **איז געמאכט פונ** בלעכ.

א לײַװונט ־ענ ־ע העמדל =

א הילצ ־ערנ ־ער טיש =

א זילבער ־נ ־ער זײגער =

א גאָלד ־ענ ־ער צאָנ =

א גלעזער ־נ ־ער טינטער =

**אופגאבע 6.** דעמ אינהאלט פונ די אונטערגעשטראָכענע װערטער גיט איבער מיט אדיעקטיװנ, אויסטײלנדיק די סופיקסנ, װאָס גיבנ איבער דעמזעלבנ אינהאלט.

א קוװאָרט, װאָס איז געמאכט פונ קופער = א קופער ־נ ־ע קוװאָרט.

א טעלער, װאָס איז געמאכט פונ פארפאָר =

א ליכט, װאָס איז געמאכט פונ כײלעװ =

א מעסער, װאָס איז געמאכט פונ שטאָל =

א הענטל, װאָס איז געמאכט פונ בײנ =

א לאָמפ, װאָס איז געמאכט פונ מעש =

קלײַבט צונויפ די סופיקסנ פונ די אדיעקטיװנ אינ דער 5 אונ 6 אופגאבע אונ פארמולירט, װעלכע סופיקסנ טראָגנ אריַנ אינ דעמ אדיעקטיװ דעמ אינהאלט „איז געמאכט פונ“.

---

# VIII. זאַץ

## זאַץ. געשלאָסענער און אָפּענער זאַץ. סוביעקט. פּרע-דיקאַט. הויפּטגלידער און בייגלידער.

### אַרבעט 69.

שטייט א צוג. וואגאָנעז און וואגאָנעז.
באַם אַרייַנגאַנג ליגט א מידע נאַכט.
כעוורע. מיידלעך. רייען. פּאָנעז.
קאָמיוגיסטנ פֿאָרנ אַפּנ שלאַכט. (פֿעפֿ.).

| פּראַזעס, אינ וועלכע עס איז פֿאַראַנ מיטשטימונג אינ פּערזאָנ | פּראַזעס, אינ וועלכע עס איז ניטאָ קיינ מיטשטימונג אינ פּערזאָנ. |
| --- | --- |
| שטייט—א צוג. | וואגאָנעז און וואגאָנעז. |

1. מאַכט צוויי רובריקעס.

2. שרייבט אַראָפּ אינ די רובריקעס די פּראַזעס פֿונ דער סטראָפֿע.

3. וועלכע פּראַזעס גיבנ איבער פֿינקטלעכער דעם געדאַנק?
4. פֿונוואַנענ ווייסט איר, אַז די וואַגאָנעס שטייענ?

**אויספֿיר.** די פּראַזעס קאָנ מענ טיילנ אַפּ צווייערליי: 1) **אַזוינע, וואָס** האָבנ אינ זיך די מיטשטימונג (אינ פּערזאָנ) פֿונ א סובסטאַנטיוו מיט א **ווערב,** און 2) אַזוינע, וואָס האָבנ עס ניט.

א פּראַזע, וואָס האָט אינ זיך די מיטשטימונג פֿונ א סובסטאַנטיוו **מיט** א ווערב, הייסט **געשלאָסענער זאַץ.**

א פּראַזע, אינ וועלכער עס פֿעלט די מיטשטימונג פֿונ א סובסטאַנטיוו **מיט** א ווערב, הייסט **אָפּענער זאַץ.**

דער געשלאָסענער זאַץ גיט איבער דעם געדאַנק פֿולער און **פֿינקטלעכער** פֿונ דעם אָפּענעם זאַץ.

דער סובסטאנטיוו (נאָמינאטיוו) און דער ווערב, וואָס קומען אין מיטשטי־מונג, זײַנען די הויפּטגלידער פון זאַץ. אַלע איבעריקע ווערטער אין זאַץ זײַנען בײַגלידער.

דער סובסטאנטיוו (נאָמינאטיוו), וואָס קומט אין מיטשטימונג מיט ווערב, הייסט **סוביעקט**.

דער ווערב, וואָס שטימט מיטן סוביעקט און דערציילט וועגן זײַנער א טוונג אָדער א צושטאַנד, הייסט **פּרעדיקאַט**.

**אויפגאַבע** 1. אין די פאָלגנדיקע זאַצן באַשטימט דעם סוביעקט און פּרע־דיקאט לויט דער מיטשטימונג.

זינגט דער פויגל פרײַ און פריילעך (האלפ.). מיר וועלן די הויכע, די פינצ־טערע וואנט צעברעכן (רייז.). דאָרט בא גרענעץ יאָגן פערד גאנצע טעג און גאנצע נעכט (פעפ.). און פון ברעגן צו ברעגן יאָגן שטראָמען פארשײַטע (פעפ.). די רויטארמייער האָבן אטאקירט דעם פײַנט. די קאָאָפּעראציע באדינט די באַ־פעלקערונג.

**אויפגאַבע** 2. וועלכע זײַנען דאָ אָפענע זאַצן און וועלכע געשלאָסענע?

לופטיקע הימלען, צעוויקלטע, קלאָרע,
לופטיקע, קלאָרע—אין הארבסטיקן אומעט.
סקריפּעט דער וואָגן אין לאנגזאמען פאָרן,
ווען וועט זי אָנקומען? ווען וועט זי קומען?
(כאריק).

שטיל. האלבע נאכט. אפן הימל קיין שטערן.
איך שטיי אפן וועג שוין פון שטונדן.
(לייוויק).

**אויפגאַבע** 3. פון די פאָלגנדיקע געשלאָסענע זאַצן נעמט ארויס דעם ווערב און שרײַבט ארײַן די זאַצן אנטקעגן, וועט איר באקומען אָפענע זאַצן מיט דעם־זעלבן אינהאַלט, ווי מיר געפינען זיי בא די אָנגעוויזענע דיכטער.

| געשלאָסענע זאַצן. | אָפענע זאַצן. |
|---|---|
| 1. דער סוינע שטייט בא די טויערן! | 1. דער סוינע בא די טויערן! (שוואַרצמאַן). |
| 2. איר מוטיקע! גייט פאָרווערטס! פאר רעכט און פאר פרײַהײַט! | 2. ........................ ........................ (קוויטקאָ). |

| געשלאָסענע זאצן. | אָפענע זאצן. |
|---|---|
| 3. שלאכט גייט אפ פעלדער.<br>שלאכט גייט לעם טויער. | 3. ..........<br>..........<br>הײזלעך פלאקערן די גאנצע נאכט.<br>(פעפער). |
| 4. זאָל גיין טיפער אונדזער אקער!<br>זאָל זײַן ברייטער דער פארזיי! | 4. ..........<br>..........<br>די זין די רויטע היטן אונדז,—<br>די העלדישע ארמיי!<br>(קוויטקאָ). |
| 5. מיט קריג גייט אפ פאלאצן—<br>אפ געצעלטן גייט מיט פריד! | 5. ..........<br>..........<br>(רעזניק 5). |
| 6. אפ גיך לויף צום פערד! | 6. ..........<br>די האנט שטאָל אָן.<br>(שווארצמאן). |
| 7. דאָס ליכט טראָגט אהין,<br>ווו ס'איז שטענדיק נאכט! | 7. ..........<br>..........<br>האָט לעניו געזאָגט<br>(פעפער). |

באשטימט, וועלכע זאצן ווירקן שטארקער, און זײַנען מער צוגעפאסט פאר לאָזונגען.

**אופגאָבע 4.** טראכט צו 5 לאָזונגען און גיט זיי איבער איין מאָל אין דער פאָרמע פון א געשלאָסענעם זאץ, און איין מאָל אין דער פאָרמע פון אן אָפענעם זאץ.

**טעמעס:** צום ערשטן מײַ. וועגן דער רויטער ארמיי. וועגן ליק. אמעראצעס. וועגן סאָציאליסטישער בויונג א. ד. ג.

**אופגאָבע 5.** קוקט איבער די קעפלעך פון די ארטיקלען אין א וועלכער ניט־איז נום. צײַטונג און שרײַבט זיי אראָפּ אין איינער פון דידאָזיקע רובריקעס:

| אָפענער זאץ. | געשלאָסענער זאץ |
|---|---|
| | |

# צונויפגעזעצטער פרעדיקאט.

## אַרבעט 70.

מוישע איז...

דער מענטש ווערט...

1. צי איז פאראן אין די זאצן די מיטשטימונג אין פערזאָן און צאָל?
2. ווו איז דאָ דער סוביעקט?
3. צי קען מען זאָגן, אז דער מיטגעשטימטער ווערב דערציילט דאָ וועגן א באשטימטער טוונג, צו־שטאנד, סימען, אייגנשאפט א. א. וו. פון דעם סוביעקט?
4. צי איז דערדאָזיקער זאץ א געענדיקטער לויט דער אינטאָנאציע?
5. וואָסערע ווערטער קענט איר צושטעלן אפן אָרט פון די פילפונקטן, כדי דער זאץ זאָל באקומען א קאָנקרעטן אינהאלט?
6. וואָס פאר א ווערבן זיינען „איז" און „ווערט".

**אויספיר.** הילפווערבן ווערן דאָס־ראָוו פרעדיקאטן אינאיינעם מיט אנדערע ווערטער, ווייל אליין גיבן זיי איבער נאָר ביי־אינהאלטן (פון צייט, פערזאָן, צאָל, דאָסראָוו) אָבער ניט קיין גרונט־אינהאלט (טוונג, צושטאנד, סימען, אייגנשאפט א. אנד.).

א פרעדיקאט, וואָס באשטייט פון א הילפווערב מיט אן אנדער וואָרט, הייסט **צונויפגעזעצטער פרעדיקאט**, צ. ב. מוישע איז א גוטער; מוישע איז א נאר. דער מענטש ווערט קלוג; דער מענטש ווערט א קלו־גער; דער מענטש ווערט א העלד א. ד. גל.

די ווערטער, וואָס בילדן אינאיינעם מיטן הילפווערב דעם צונויפגעזעצטן פרעדיקאט, הייסן **פרעדיקאט־גלידער**.

אלס פרעדיקאט־גלידער קענען קומען דער סובסטאנטיוו (נאָמינאטיוו אָדער פאָסעסיוו), דער אדיעקטיוו, דער פארטיציפ, א. אנד.

דער הילפווערב קען שטיין אין איבטיקער, פארגאנגענער און קומענדיקער צייט, צ. ב. מוישע איז א קלוגער; מוישע איז געווען א קלוגער; מוישע וועט זיין א קלוגער א. א. וו.

אלס הילפווערבן אין צונויפגעזעצטן פרעדיקאט קומען כוץ „בין", „ווער", אויך אנדערע ווערבן, צ. ב. בלייבן, האלטן, נעמען א. אנ.

באמערקונג. די פארגאנגענע און קומענדיקע צייט, די מאָדוסן פון אלע ווערבן, און די פער־זענלעכע ווערבן אין אלע צייטן און מאָדוסן שטייען נאָענט צו צונויפגע־זעצטע פרעדיקאטן.

**אויפגאבע 1.** שאפט זאצן, ווו די פרעדיקאט־גלידער זאָלן זיין פאָלגנדיקע ווערטער.

שטיל. ווייס. אויסגעהאקט. פינצטער. א שיינער. א קלאָרער. א ליכטיקער געשמאק. א פערד. א כאיע. דעם ברודער, מוישעס.

צ. ב. די נאכט איז שטיל, די נאכט איז געווען שטיל א. א. וו.

אויפגאַבע 2. אין די זאַצן, וואָס איר האָט געשאַפן לויט דער פריערדיקער אויפגאַבע, שטעלט דעם הילפ־ווערב אין פאַרגאַנגענער און קומענדיקער צײַט.

אויפגאַבע 3. שרײַבט אַראָפּ די פאָלגנדיקע זאַצן, שטרײַכט אונטער דעם צונויפגעזעצטן פּרעדיקאַט און שרײַבט אָן אויפן פּרעדיקאַט־גליד, צו וואָס פאַר אַ רייד־טייל געהערט ער.

די שטימונג איז בײַ אונדז אַ גוטע. ווארעם זײַנען הערצער, ווארעם זײַנען אויגן (פּעפּ.). איך וועל ייִנגער, איך וועל ייִנגער, איך וועל פרײַ (קוו.). די נאַכט איז אַ שטילע. פּעסט איז אונדזער לאַנד (פּעפּ.). לענין איז דער פירער פונעם פּראָלעטאַריאַט.

אויפגאַבע 4. באַשטימט, ווו זײַנען די אונטערגעשטראָכענע ווערבן גלידער פון צוזאַמענגעזעצטן פּרעדיקאַט און ווו זײַנען זיי זעלבשטענדיקע פּרעדיקאַטן.

איך בין אין מאָסקווע. איך בין אַ קלײנער. איך האָב געקויפט אַ בוך. איך האָב אַ בוך. דער ברודער האָט אַ וועלאָסיפּעד. דער ברודער האָט פאַריכט דעם וועלאָסיפּעד. מיר זײַנען געווען אין לענינגראַד. מיר זײַנען לענינגראַדער

קלאַל. ווען מען לאָזט דורך דעם הילפווערב אין צוזאַמענגעזעצטן פּרעדיקאַט, שטעלט מען אַפּט אויפן אָרט פונעם דורכגעלאָזטן הילפווערב אַ טירע.

אויפגאַבע 5. שטעלט די פּונקטואַציע אין פאָלגנדיקע סטראָפעס אויפן אָרט פון דעם דורכגעלאָזטן ווערב.

די אויגן רויט, די ליפּן בלאָ
קײַן טראָפּן בלוט אין באַק ניטאָ,
דער שטערן בלאַס, באַדעקט מיט שווייס!
דער אָטעם אָפּגעהאַקט און הייס—
עס זיצן דרײַ מיידלעך און נייען!
די נאָדל בלאַנק, די לײַוונט שניי,
און איינע טראַכט: איך ניי און ניי...
(פּערעץ).

# ווען ווערט זיך דער זאַץ אָנהויבן מיט „עס“ אָדער „סע“.

## אַרבעט וז.

עס וואַלגערט אויף שליאַך זיך פאַרזשאַווערט די שווערע פאַרלאָזענע ביקס.
(א. קאַהאַן).

די שווערע פאַרלאָזענע ביקס וואַלגערט אויף שליאַך זיך פאַרזשאַווערט
אויף שליאַך וואַלגערט זיך פאַרזשאַווערט די שווערע פאַרלאָזענע ביקס.
די ביקס די שווערע, פאַרלאָזענע וואַלגערט זיך פאַרזשאַווערט אויף שליאַך.

- צי קען מען צושטעלן „עס", „סע" צו די איבעריקע זאצן?
2. באמערקט, וואָסער זאצגליד שטייט אפן ערשטן אָרט אין דעם ערשטן זאץ.

**אויספיר.** ווען אפן ערשטן אָרט אין זאץ שטייט דער פרעדיקאַט, קומט פאר אים דער וואָרט **„עס"** („סע", ס').

באמערקונג. „עס" קען קומען אויך אין אנדערע ערטער פון זאץ. אָבער דעמלט האָט „עס" דעם באטײַט פון „דאָס", צ. ב. גיי פארשטיי עס, גיי באַנעם עס (מארקיש) = גיי פארשטיי דאָס, גיי באנעם דאָס א. ד. ג.

**אופגאַבע 1.** אין די פאָלגנדיקע זאצן בײַט די אָרדענונג פון די זאצגלידער און דערווײַזט, אז דער „עס" איז געקומען, ווײַל אפן ערשטן אָרט שטייט דער פרעדיקאַט.

עס פלאקערן פאָנען. עס רײַסן זיך הייסע געשרייען פון ברוסטן פארפלייצטע פון פרייד (שווארצ.). קומט אָן און ס'יאָגט, און ס'טראָגט פון קאָלעקטיוו אפולע פור מיט פײַערדיקע יונגען (כאר.). עס וואַכט באַלד אוף מײַן ברײַטהײַט־גײַסט (באָוש.). עס פײַערט נאָך הויך ניט־פארלאָשענער שײַטער (כאשטש.).

**אופגאַבע 2.** בײַט די אָרדענונג פון די זאצגלידער אזוי, אז דער זאץ זאָל זיך אָנהויבן מיט „עס".

דער הימל האָט זיך שוין אפ ראָז צעגאָסן (כאר.). איבער שטעט און דערפער גייען שווארצע וואָלקנס (פעפ.). אין די לופטן טוט זיך הערן א געשריי פון טויזנטער ארבעטער־מאסן (פ. ־ליד.). איבער דערפער הויבע לאמפן וועלן ברענען (פעפ.).

**אופגאַבע 3.** 1) באשטימט דעם סוביעקט אין די פאָלגנדיקע זאצן.
2) פרוווט שטעלן אפן ערשטן אָרט דעם פרעדיקאַט.
3) מאכט אן אויספיר אין וואָסערע פאלן קען אין זאץ בעשום אויפן ניט קומען קיין „עס".

מיר האָבן באגעגנט די פײַנט אפ די פעלדער. ער איז געוואקסן זיך אפ ענגע ראָגן. איך האָב זיך אופגעכאפט אינמיטן נאכט. דו וועסט באזיגן דײַנע בלוטיקע סוינע. זיי ארבעטן שווער טאָג ווי נאכט. איר ווייסט פון ארבעט און פרייד.

([illegible])

**אופגאַבע 4.** נעמט אייניקע לידער און דערווײַזט, אז זייער אָפט שטעלן די דיכטער ניט דעם „עס" אפילע דעמלט, ווען דער זאץ הויבט זיך אָן מיטן פרעדיקאַט.

# סוביעקטלאָזיקע זאצן.

## אַרבעט 72.

| 1 | 2 | 3 |
| --- | --- | --- |
| לויפן! יאָגן!<br>לויפסט זייער גיך. | מע האָט דערציילט נייַס.<br>דערציילט האָט מען<br>וועגן מאָסקווע. | עס טאָגט.<br>עס ברענט מיר אפּן הארצן. |
| 1. צי איז פאראַן דער סוביעקט ווי א באַזונדער וואָרט אין די־דאָזיקע זאצן?<br>2. וואָסער פּערזאָן קען מען דאָ צושטעלן פאַר א סוביעקט: | 1. דערווייַזט, אז „מע" איז דער סוביעקט אין די־דאָזיקע זאצן (ווען מע בייַט די אָרדענונג פאַלט „מע" ניט אַרויס).<br>2. צי קענט איר זאָגן באַ־שטימט וועמען מיינט מען מיטן וואָרט מע? | 1. צי איז פאראַן א סוביעקט אין די־דאָזיקע זאצן.<br>2. דערווייַזט, אז „עס" איז ניט קיין סוביעקט (דורך איבער־אָרדענונג).<br>3. צי קען מען דאָ צושטעלן א סוביעקט? |

**אויספיר.** א זאַץ, אין וועלכן עס פעלט דער סוביעקט, אָדער עס איז אומבאַשטימט די פּערזאָן, הייסט **סוביעקטלאָזיקער זאַץ.** מיר שיידן אונ־טער דרייַערליי סוביעקטלאָזיקע זאצן:

1) א זאַץ, אין וועלכן דער סוביעקט איז ניט אויסגעדריקט אין א באַ־זונדער וואָרט, אָבער ער (דער סוביעקט) איז פאַרשטענדלעך, און מיר קענען באַם פּרעדיקאַט זיכער צושטעלן איינע פון די דרייַ פּערזאָנען: „איך", „דו", „ער") אָפטער ווי אַלע די צווייטע פּערזאָן). איבערהויפּט בילדן זיך אויס אַזוינע זאצן דורכן באַפעל־מאָדוס.

אַזאַ זאַץ איז א **סוביעקטלאָזיק-פּערזענלעכער** (רובריקע 1).

2) א זאַץ, אין וועלכן דער סוביעקט איז אויסגעדריקט דורך דעם וואָרט „מע". אין אַזאַ זאַץ איז די פּערזאָן אומבאַשטימט. וואָרעם „מע לויפט" הייסט, אַז „איך", „דו", „ער", עמיצער און אַלע גייען.

אַזאַ זאַץ איז א **פּערזענלעך־אומבאַשטימטער** (רובריקע 2).

3) א זאַץ, אין וועלכן עס איז ניטאָ קיין סוביעקט, און מע קען קיינשום פּערזאָן ניט צושטעלן צום פּרעדיקאַט לויטן אינהאַלט (אָפט הויבן זיך אָן אַזוינע זאצן מיט „עס").

אַזאַ זאַץ איז א **פּערזאָנלאָזיקער** (רובריקע 3).

באַמערקונג. פאַרן פּרעדיקאַט רעדט מען אַרויס „מע", נאָכן פּרעדיקאַט — „מען". „מע" קען זיך צונויפגיסן מיטן פּרעדיקאַט, צ. ב. מ׳גייט, מ׳זאָגט א. אַ.

**אופגאבע** 1. באשטימט די ווײַטערדיקע זאצן, שרײַבט אָן אפן פרעדיקאַט סוביעקטלאָזיק - פערזענלעכער, פערזענלעך - אומבאשטימטער, פערזאָנלאָזיקער.

פערזאָנ-
לאָזיקער
צ. ב. עס רעגנט.

עס זינגט זיך מיר ניט. בא מײַן כאווער האָט אָפּגענומען א האנט. דערציילן אײַך דעם עמעס? מיר איז אויסגעקומען גיינ דורכ א וואלד. עס האָט מיר פארלייגט אינ די אויערן פונ קאטער. מיך האָט פארדראָסן אפ אים. מיר ווילט זיך אהיים. מע האָט געבראכט א טראקטער. גיי פארשטיי עס, גיי באנעמ עס. מע דארפ אנ ארבעט טאָן. עס טוט מיר וויי אינ האלדז. הײַנט ווערט געשטעפּט אונ גענייט.

עס פײַפט אונ קנאלט, עס זעצט אונ עס קנאלט (פ.).

**אופגאבע** 2. דעמ אינהאלט פונ די פאָלגנדיקע פערזאָניקע זאצנ דריקט אויס אינ פערזאָנלאָזיקע, צ. ב. איכ וויל לייענען—מיר ווילט זיך לייענען.

דער טאטע שלאָפט ניט פונ מידקײַט. קיינער גלויבט ניט אינ דעמ. אפ דער פרײַער לופט עטעמ איכ גרינגער. דער ארבעטער לעבט גוט. איכ בענק אהיים.

**אופגאבע** 3. שרײַבט ארויס פונ א דערציילונג די סוביעקטלאָזיקע אונ פערזאָנלאָזיקע זאצנ.

**פראגע**. צי איז א זאצ, וואָס הויבט זיך אָנ אפ „עס", שטענדיק א פערזאָנלאָזיקער? (זע ארבעט 71).

# IX. אַ ד וו ע ר ב

## אדווערב. אָנשליסונג.

### אַ ר ב ע ט 73.

מײַנ באקאנטער שמיד ארבעט.
אונדזער כאווער לייענט.

1. באַשטימט די ווערטער פונ די זאצנ לויט די רייד־טיילנ.
2. מיט וועלכנ פונ די ווערטער אינ די געגעבענע זאצנ וועלנ זײַנ פארבונדנ לויטנ אינהאלט די פאָלגנדיקע ווערטער:

1. דאָ, דאָרטנ, ערגעצ.
2. הײַנט, נעכטנ, מאָרגנ, איצט.
3. שטילערהייט, רויִקערהייט.
4. זאלבאדריט, זאלבאפערט.
5. אסאך.

3. צי זײַנענ פארבונדנ דידאָזיקע ווערטער מיטנ ווערב דורכ א ספעציעלנ וואָרט, אָדער צוליב פארבינדונג נעמענ זיי אָנ א נײַע פאָרמע?
4. וואָס באשרײַבנ די ווערטער „דאָ", „דאָרט", „הײַנט" „נעכטנ" א. א. וו., ווענ זיי שטעלנ זיכ צו צום ווערב?

**אויספיר.** די ווערטער „דאָ", „דאָרטנ" א.א.וו. זײַנענ **אדווערבנ**. דער אדווערב איז פארבונדנ לויטנ אינהאלט דאָסראָוו מיטנ ווערב, אָדער מיטנ פרעדיקאט אָנ דער הילפ פונ אנדערע ווערטער אונ נעמט ניט אָנ צוליב דעמ קיינע נײַע פאָרמעס.

אזא פארבינדונג—בלויז לויטנ אינהאלט הייסט **אָנשליסונג.**

דער אדווערב באשרײַבט צײַט, אָרט, אויפנ, צאָל, מאָס, גראד אייכעס א. א. פונ דער טוונג.

**אויפגאבע 1.** שאפט פראזעס אונ דערווײַזט, אז די פאָלגנדיקע ווערטער זײַנענ אדווערבנ.

איינמאָל, נעכטנ, דאָ, פאָרוויַז, לעסאָפ, פונווײַטנ, מיטאמאָל, באלד, קוים, קינדווײַז, געזונטערהייט, ערשטנס, צווייטנס, קיינמאָל, שטענדיק, אינדערעמעסנ, אביסל.

# אנדערע אדווערבן. גערונדיום.

## אר בעט 74.

מײַן באַקאַנטער שנײַדער ארבעט.
אונדזער כאַווער לײענט.
איך גײ אין דאָרף.
איך זיץ.

1. מיט ווערכע פון די ווערטער (לויט די רייד־טיילן) אין יעדער זאַץ קענט איר פאַרבינדן פאָלגנ־דיקע ווערטער, ניט ענדערנדיק גאָרנישט:

1. גיך, גוט, שנעל.
2. אן אומעטיקער, א פריילעכער.
3. צופוס, צוגאַסט, אַהיים.
4. אָנגעבויגן, אָנגעשפּאַרט.
5. ליגנדיק, זיצנדיק, שטייענדיק.

2. באַשטימט די ווערטער „גיך", „גוט", „אומעטיקער" א. א. וו. לויטן רייד־טייל.

3. דערוויַיזט, אַז די ווערטער „גיך", „גוט" א. א. וו. זײַנען אין די געגעבענע זאַצן אדווערבן (זיי שליסן זיך אָן לויטן אינהאַלט אָן דעם ווערב, ניט אָנעמענדיק קיינע פאָרמעס).

**אויספיר.** אנדערע רייד־טיילן, ווען זיי שליסן זיך אָן אין זאַץ אָן דעם ווערב (אָדער אָן דעם, פּרעדיקאַט), הייסן זיי אויך **אדווערבן**. אפ אזא אויפן קענען זײַן אדווערבן (אייגנשאַפטן), אדווערבן־אדיעקטיוון, אדווערבן־סובסטאַנטיוון (מיט א פּרעפּאָזיציע און אָן איר), אדווערבן־פּאַרטיציפּן, אדווערבן פּרעפּאָזיציעס, צ. ב,

איך זיץ אַן אומעטיקער (אדווערב־אדיעקטיוו).
דער שנײַדער נייט גיך (אדווערב־אדיעקטיוו).
מײַן כאַווער לייענט אָנגעבויגן (אדווערב־פּאַרטיציפּ).
איך גײ צופוס (אדווערב־סובסטאַנטיוו).
איך גײ אַהיים (אדווערב־סובסטאַנטיוו).
איך לויף אנטקעגן (אדווערב־פּרעפּאָזיציע) א. א. וו.

אדווערבן, וואָס האָבן דעם סופיקס **־נדיק, ־ענדיק** און דער שטאַם זייערער איז ענלעך אפ דער נול־פאָרמע (ערשטע פּערזאָן) פונעם ווערב אין דער איצטיקער צײַט, הייסן **אדווערב־גערונדיום**, צ. ב.

דער שוסטער ארבעט זיצנדיק.
דער שמיד ארבעט שטייענדיק,

באַמערקונג. אנדערע אדווערבן קענען זיך צושטעלן אויך צו אן אדיעקטיוו (זייער א גוטער ארבעטער).

**אויפגאַבע 1.** סכעמאַטיזירט די פאָלגנדיקע פּראָזעס און באַשטימט די אויס־געטיילטע ווערטער, ווו זײַנען זיי אדיעקטיוון, און ווו אדווערבן־אדיעקטיוון.

א העל שטערנדל האָט זיך צעפינקלט. א שטערנדל האָט זיך צעפינקלט העל. מיר זינגען א פרײלעך לידל. מיר זינגען פרײלעך א לידל. דאָס קינד האָט זיך לוסטיק צעלאַכט. א נידעריק־אײַנגעבויגענער בוים וואקסט אנטקעגן פענצטער. א נידעריקער בוים וואקסט לעבן פענצטער. א שטיל טײַכל שטראָמט. דאָס טײַכל שטראָמט שטיל. האלט ריין אײַערע העפטן און ביכער. ריינע העפטן און ביכער איז א סימען פון א גוטן שילער. דער שילער האָט גוט פארשטאנען די לעקציע. דער גוטער שילער האָט פארשטאַנען די לעקציע. א גוטער שילער לערנט גוט. א שלעכטער שילער לערנט שלעכט. יאָגן רײַטער פלינקע אף די פערד. יאָגן רײַטער פלינק אף די פערד. גייט ארויס א האסטיקער דעקרעט. גייט ארויס האסטיק א דעקרעט. געשמאק און הונגעריק האט זיך א לאנד צעברענט (כאר.). זיצט מען איצטער אף די בלעכן מיד (כאר.). קלינגען לידער פרײלעך און פארשײַט (פעפ.). מיר האָבן זיך אָנגעטאָן זומערדיק — א זומערדיק העמדל מיט א גרינגן מאנטל.

**אופגאבע 2.** שרײַבט אָן פאראלעלע פראזעס אזוי, אז איינמאָל זאָלן די אָנגעוויזענע ווערטער זײַן אדיעקטיוון, און איינמאָל אדווערבן־אדיעקטיוון.

פײַן. הויך. גרינג. געשמאק. טײַער. פעסט. גיך. טיף. שטײַף אומעטיק.

**אופגאבע 3.** באשטימט, ווו זײַנען דאָ די אויסגעטײלטע ווערטער פארטיציפן, און ווו אדווערבן־פארטיציפן.

איך האָב זיך אָנגעבויגן. דער בוים שטייט אָנגעבויגן. וואכט איר קאָפּ פארבויגן און פארקניט (כאר.). זי האָט פארבויגן דעם קאָפּ. זי האָט אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ פארשעמט. זי האָט זיך פארשעמט. די הײַזלעך שטייען פארזונקען אין דער ערד. דער וואָגן האָט פארזונקען אין בלאָטע. אויסגעצויגן ליגן מיר אפן גראָז. מיר האָבן זיך אויסגעצויגן אפן גראָז. אָפּגעשניטן ליגט דאָס ברויט אין פעלד. מיר האָבן אָפּגעשניטן דאָס ברויט. פארשלאָסן שטייט דער שײַער. מע האָט דעם שײַער פארשלאָסן. וואָס גייט ער אום אזוי פארטיפט? ער האָט זיך פארטיפט אין וויכטיקע פראגעס.

**אופגאבע 4.** באשטימט, ווו זײַנען דאָ די אויסגעטײלטע ווערטער־פרעפּאָזיציעס, און ווו זײַנען זיי אדווערבן־פרעפּאָזיציעס (לויט זייער פארבונדנקײַט מיטן ווערב און מיטן סובסטאנטיוו).

מיר ווױנען קעגן אײַך. איך טרעט ארויס קעגן. דו צילסט פארבײַ, דו וועסט ניט טרעפן. איך בין געגאנגען פארבײַ און ניט געקענט פארגיין צו אײַך. פארבײַ מיר איז דורכגעפאָרן א פור. אינמיטן וועג ליגט א שטיין. ער איז ארײַנגעפאָרן אינמיטן. אויב ער איז ניט געקומען איצט, וועט ער קומען נאָכדעם. נאָך דעם זומער קומט דער ווינטער.

**קלאל.** די ווערטער: אינקורצנ, אינגיכנ, אמאָל, פונווײַטנ, איבעראיאָר, אהיימ, מיטאמאָל, אינדערפרי, א. אַנ. אינמיטנ, פונפאָרנט, אויב זיי זײַנענ אינ זאַצ אדווערבנ, שרײַבנ זיי זיכ אינאיינעמ.

**אופגאבע 5.** באשטימט, ווי דארפט איר דאָ צעשטעלנ די טיילנ, וואָס פעלנ, אינאיינעמ צי באזונדער?

איכ גיי ..........היימ, ווײַל איכ האָב ..........היימ. דער זייגער שלאָגט! צוויי, צענ שלאָגט, געענדיקט שוינ די מי! ..........היימ, ווער נאָר ..........היימ פאָר־מאָגט, ..........היימ ביז אינדערפרי (פ)!

..........גיכנ וועלנ מיר האָבנ סאָציאליזמ בא אונדז אינ לאנד.

..........גיכנ טעמפ פונ דער סאָציאליסטישער בויונג זײַנענ שוינ ארײַנגעצויגנ אלע אונטערנעמונגענ.

איכ האָב גוטע אויגנ, איכ זע ..........ווײַטנ. איכ האָב באקומענ א בריוו ..........ווײַטנ אמעריקע. ..........ווײַטנ דאכט זיכ, אז בא יענעמ לכט זיכ (שפר.)

..........מאָל האָבנ אינ רוסלאנד די פאבריקנ געהערט צו פאבריקאנטנ.

רעדט ווי אימ פאסט, ..........מאָל אזוי ..........מאָל אנדערש.

..........קורצנ וועלנ מיר פארזייענ דאָס פעלד. ער איז אָנגעטאָנ ..........קורצנ מאנטל.

..........א יאָר קומ איכ אָנ ארבעטנ אפ א פאבריק. מײַנ ברודער האָט אָפגע־ארבעט ..........א יאָר אינ מעטאל־זאוואָד.

**אופגאבע 6.** בילדעט אויס גערונדיומענ פונ די פאָלגנדיקע ווערבנ אונ טיילט אָפ דעמ סופיקס פונעמ שטאמ.

זיצנ. שפילנ. לייענענ. שרײַבנ. יאָגנ זיכ. טרײַבנ. נעמענ. לעבנ. אָפכאפנ. אונטערײַסנ. פארשקלאפנ. באפרײַענ.

**אופגאבע 7.** שרײַבט איבער די פאָלגנדיקע פראזעס אונ גיט איבער דעמ אינהאלט פונ די ווערטער, וואָס שטייענ אינ די קלאמערנ דורכ א גערונדיומ.

(ווײַל מיר ווילנ) העלפנ די העלדנ פונ דער רעוואָליוציע, טרעטנ מיר ארײַנ אינ „מאָפר”.

מיר האָבנ זיכ פארמאטערט (פונ דעמ, וואָס מיר האָבנ זיכ געגרייט) צומ יאָנטעוו.

דער אעראָפלאנ האָט זיכ געהויבנ אלצ העכער אונ העכער (אונ האָט גע־פינטלט) בא די שטראלנ פונ דער זונ.

(אז ער האָט דערזענ), אז עס רוקט זיכ אָנ א שטורעמ, האָט דער קאפיטאנ פאראָרדנט אראָפצולאָזנ די זעגלענ.

(ווענ איכ בינ צוגעגאנגענ) צומ ברעג, האָב איכ דערהערט א פײַפ פונ א שיפ.

(אז מיר האָבנ איבערגעלייענט) די מעלדונג וועגנ דער פארזאמלונג, האָבנ מיר זיכ געלאָזנ גלײַכ אינ קלוב.

אופגאבע 8. דעם פראגמענט, וואָס קומט שפּעטער, האָט געשריבן שאָלעם־אַלייכעם אין 1888 יאָר. אין 1903 יאָר האָט ער אים איבערגעשריבן און פאַרביטן די גערונדיומען אף פּאַרטיציפּן. שרייבט אָפּ דעם פראגמענט, ווי ער האָט אויסגעזען אין 1903 יאָר.

די ווערטער, וואָס אין די קײַלעכדיקע קלאמערן, איינגאנצן דורכלאָזן. די ווערטער, וואָס אין די קוואדראט־קלאמערן, אַרײַנעמען.

דער האָן, דער שרײַער, דערהערנדיק דאָס שפּילן פון די קלעזמער און טייַנענדיק, אז ס'איז שוין טאָג, איז אראָפּ פון דער סידעלע, האָט א פּאטש געטאָן מיט די פליגל, האָט געזאָגט דעם פּאָסעק, אויסלאָזנדיק דעם געוויינלעכן קוקוריקו און איז זיך אוועק צוריק אין זײַן רו אַרײַן א ברויגעזער, וואָס מע האָט אים מאטריען געוועגן אומזיסט און אומנישט... אפילע די הינט, די קלאָווים פונוויַטנס, די הינט, פון מאָנעסטערסקען גאס (וואָס האָבן), דערהערנדיק די יידישע קלעזמער אינמיטן נאכט [האָבן] אָנגעהויבן לעכאטכילע, ווי זייער מינהעג איז צו בילן און צו וואָיען, זיינען אויך אנשוויגן געוואָרן, זוכנדיק זיך אן אָרט, ווו צו לייגן זיך אָפּרוען; אויך די קו, דוואָסי־מאלקעס דארע בעהיימע, (שטייענדיק) בא דער שטוב, האָט אופגעהערט צו מאלעגיירען, האָט אופגעשטעלט די אויערן, ארויסלאָזנדיק פונעם בויך א טיפן קרעכצ, ווי א זינדיקער מענטש; און דעם שאָכנס צוויי ציגן האָבן זיך פון גרויס היספּײַלעס מיטאמאָל אופגעהויבן פון דער ערד, זיך געביטן מיט די ערטער, באוויַזנדיק זיך דערוויַל איינס דאָס אנדערע, אז זיי האָבן הערנער [1]).

באמערקונג. אָנשטאָט „מיינענדיק" האָט שאָלעמאלייכעם געשטעלט „גערעכט"—איינגאנצן אן אנדער וואָרט; קעגן „ארויסלאָזנדיק" האָט ער געשטעלט דעם פּארטיציפּ „אויסגעלאָזט" (מיטן סופיקס ־ט).

# פונקטואציע בא אדווערב-גערונדיום און אדווערב-פארטיציפּ.

## ארבעט 75.

| אדווערב־גערונדיום. | | אדווערב־פּארטיציפּ. |
|---|---|---|
| 1. איך שלאָף זיצנדיק.<br>דו שלאָפסט ליגנדיק. | | 1. איך זיצ אָנגעבויגן.<br>דו ליגסט אויסגעצויגן. |

ווען דער אדווערב־גערונדיום און דער אדווערב־פּארטיציפּ געפינען זיך אין סאָף זאצ און האָבן צו זיך נים קיין אנדערע ווערטער, טיילן זיי זיך ניט אָפּ מיט קאָמעס.

[1]) פון אויסלענדערס מאטעריאלן אין דעם זשורנאל „די יידישע שפּראַך" נומ. 2, 1927, קיעוו.

| | אדווערב־גערונדיום. | | אדווערב־פּאַרטיציפּ. |
|---|---|---|---|
| 2. | ליגנדיק, בינ איכ אנשלאָפנ גע־וואָרנ.<br>איכ בינ, ליגנדיק, אנשלאָפנ גע־וואָרנ. | 2. | צוגעלייגט זיכ, בינ איכ אנשלאָפנ געוואָרנ.<br>(טרעפט ניט אינמיטנ זאַץ). |

ווענ דער אַדווערב־גערונדיום אונ דער אדווערב־פּאַרטיציפּ געפינענ זיכ אינ אָנהויב זאַץ, אָדער ווענ דער אדווערב גערונדיום געפינט זיכ אינמיטנ, טיילנ זיי זיכ דאָסראָוו אויס מיט קאָמעס. דאָס הענגט אָפּ פונ דער אינטאָנאַציע.

| | אדווערב־גערונדיום. | | אדווערב־פּאַרטיציפּ. |
|---|---|---|---|
| 3. | אראַײַנגייענדיק אינ שטוב, האָב איכ אויסגעטאָנ די היטל.<br>איכ האָב, אראַײַנגייענדיק אינ שטוב, אויסגעטאָנ די היטל.<br>איכ האָב אויסגעטאָנ די היטל, אראַײַנגייענדיק אינ שטוב. | 3. | אײַנגעשפּאַנט אינ וואָגנ, שטייט דער פערד אונ ווארט.<br>שטייט דער פערד, אײַנגעשפּאַנט אינ וואָגנ, אונ ווארט.<br>שטייט דער פערד אונ ווארט, אײַנגעשפּאַנט אינ וואָגנ. |

ווענ דער אדווערב־פּאַרטיציפּ אונ דער אדווערב־גערונדיום האָבנ צו זיכ נאָכ ווערטער, טיילנ זיי זיכ שטענדיק אויס אינײַנעם מיט דער גאַנצער גרופּע מיט קאָמעס.

**אויפגאַבע 1.** שטעלט די פּונקטואַציע אינ פאָלגנדיקע זאַצנ.

דער פערד האָט זיכ געשלעפּט אונטערהינקענדיק. איכ שווײַג ניט וויסנדיק וואָס צו ענטפערנ (מ.). אזוי טראַכט איכ מיר פאָרנדיק אהיים פונ בויבעריק (ש. ־אל.). פאָרנדיק אזוי טראַכט איכ מיר (ש. ־אל.). אָפּגעפּאַרטיקט זיכ מיט די „שטונדנ" פלעגט ער קומענ צו מיר זיכ אָפּרוענ אונ אויכ אביסל פאַרברענגענ (ש. ־אל.). זיצנדיק אזוי מיט מײַנ פאָרפאָלק אינ וועגעלע כאַפּ איכ מיר א קוק מײַנ האַצאַד אפנ דאָזיקנ פאָרל (ש. ־אל.). אונ ניט לאַנג געטראַכט רופּ איכ ארויס מײַנ האָדלענ פונ שטוב אינ הויפ ארויס (ש. ־אל.). מע גייט שווײַגנדיק (ווײַס.). אונ גייענדיק שנעל דורכ דער גאַס א מיידעלע האָב איכ באַגעגנט (ראָז.). אָפּ־געפּאַרטיקט זיכ פונ דער ארבעט שטעלט ער אויס א פּאָר גלעזערנע אויגנ אונ קוקט אפנ אוילעמ (מענ.) איכ בינ פארצאַפּלט געוואָרנ הערנדיק דידאָזיקע ווער־טער (מענ.). שפּאַצירנדיק האָבנ מיר געשמועסט וועגנ פארשיידענע זאַכנ. געגעבנ דעמ לעצטנ סיגנאַל איז דער צוג אָפּ. עס רוישט דאָס וואַסער לויפנדיק. אופגע־הויבנ זיכ אפנ טריבונע האָט דער אָראַטאָר אָנגעהויבנ צו רײדנ. אונ שווײַגנדיק האָט אימ דער אוילעמ געהערט.

# פאַרגלייכ-אדוועררבנ.

## אַרבעט 76.

1) א פערד לויפט גיכ. | דער באַנ לויפט גיכ־ער.
דו שרײַבסט שיינ. | איכ שרײַב נאָכ שענ־ער.

1. באמערקט די סופיקסנ, וואָס די אדווערבנ פונ דער לינקער זײַט האָבנ באַגעקומען.
2. וואָס איז צוגעקומען אינ אינהאַלט?
3. וואָס באַצייכענענ דידאַזיקע אדווערבנ? (אייגנשאפטנ).

2) איכ שלאָפ באַנאַכט: | ..........
מיר גייענ מאַכנעסוויַז. | ..........
איכ קום באַלד. | ..........
דער לאָמפּ שטייט דאָ. | ..........

1. צי קענענ די געגעבענע אדווערבנ אויכ אָננעמענ די פאָרמע ־ער צו באקומענ דעם אינהאַלט פונ פארגלײַך?
2. וואָס באַצייכענענ דידאָזיקע אדווערבנ? (אָרט, צײַט, אויפנ).

**אויספיר.** די אדווערב־אדיעקטיוונ, וואָס באַצייכענענ אייגנשאַפטנ, אונ נעמענ אָנ אָפּט די פאָרמע ־ער צו באַווײַזנ, אז די אייגנשאפט איז דאָ פארגלײַכמעסיק אינ אסאַכ א גרעסערער מאָס (העכער = מער הויכ. שענער = מער שיינ א. ד. ג.) הייסנ **פאַרגלײַכ־אדווערבנ** (דערמאָנט זיכ וועגנ פארגלײַכיקע אדיעקטיוונ).

זייער אָפט פארשטארקנ מיר דעם פארגלײַכ־אדווערב מיט דער הילפ פונ פרעפיקס **אמ־** אָדער מיטנ וואָרט **וואָס**. (מע דארפ לויפנ וואָס־גיכער. דער צוג וועט קומענ **אמ**שפעטסטנ 10 אזייגער).

**אויפגאַבע 1.** בילדעט אויס פארגלײַכ־אדווערבנ פונ די פאָלגנדיקע אדווערבנ.
קורצ. זעלטנ. פּראָסט. ריינ. טויב. ווייכ. שיטער. ווײַט. לאנג. טײַער. געדיכט. הארט. גראָב. רײַכ. נידעריק. ענג. פלאכ. ברייט. טרוקנ. זיס. דינ. שארפ. טיפ. נאָענט.

**אויפגאַבע 2.** באַטראכט, ווי וועלנ זײַנ די פארגלײַכ־אדווערבנ פונ די אדווערבנ־אדיעקטיוונ גוט, שלעכט.

---

# X. פּאַראַלעל-גלײַכאַרטיקע זאַצגלידער

## פּאַראַלעל-גלײַכאַרטיקע זאַצגלידער. בינדוואָרט.

### אַרבעט 77.

1. מאַרקס און ענגעלס האָבן געלעבט אין דײַטשלאַנד.
2. איך שרײַב און לייען.
3. דאָס פעלד איז באַשאָטן מיט ווײַסע און בלויע בלימעלעך.
4. דו רעדסט קורץ, אָבער שאַרף.
5. דער פרימאָרגן איז א שטילער און א רויִקער.

1. וויפל סוביעקטן איז פאַראַן אין דעם ערשטן זאַץ.
2. וואָסערע זאַץ־גלידער כאַזערן זיך איבער אין די איבעריקע זאַצן.
3. ווײַז אָן אין יעדער זאַץ דעם זאַצגליד, מיט וועלכן עס זײַנען פאַרבונדן לויטן אינהאַלט די איבערגעכאַזערטע זאַצגלידער.
4. שטרײַכט אונטער דעם וואָרט, וואָס ציט צונויף די איבערגעכאַזערטע זאַצגלידער.
5. צו וואָס פאַר א רייד־טייל געהערן די ווערטער „מאַרקס", „ענגעלס" און אין וואָס פאַר א בויגפאַל שטייען זיי? (סובסטאַנטיוון אין נאָמינאַטיוו).
6. וואָס פאַר א רייד־טיילן זײַנען די איבעריקע אונטערגעשטראָכענע ווערטער?

**אויספיר.** צוויי אָדער מער אַלצייִנע זאַצגלידער (צוויי סוביעקטן, צוויי פּרעדיקאַטן, צוויי סובסטאַנטיוון אין איינעם און דעמזעלבן בויגפאַל א.ד.גל.), וואָס ציִען זיך פאַראַלעל לויטן אינהאַלט צו איין אַלגעמיינעם זאַצגליד, און צווישן זיך קענען זיי זײַן פאַרבונדן דורך די ווערטער „און", „צי", „אָדער", „אָבער" א. אַנ., הייסן **פּאַראַלעל־גלײַכאַרטיקע זאַצגלידער**, און די פאַרבינדונג צווישן זיי הייסט **פּאַראַלעל־גלײַכאַרטיקע פאַרבינדונג.**

דער צונויפציִענדיקער וואָרט צווישן די פאַראַלעל־גלײַכאַרטיקע זאַצגלידער הייסט **בינדוואָרט.**

באַמערקונג. אין א פאַראַלעל־גלײַכאַרטיקן צוזאַמענגעזעצטן פרעדיקאַט שטעלט מען דאָס־וואָרט דעם הילפווערב נאָר איין מאָל בא דעם נאָענטסטן פרעדיקאַט־גליד, צ. ב. דער פרימאָרגן איז א שטילער און א רויִקער, און ניט דער פרימאָרגן איז א שטילער, איז א רויִקער; איך האָב זיך אויסגעטאָן און געלייגט שלאָפן, און ניט איך האָב זיך אויסגעטאָן און האָב זיך געלייגט שלאָפן א. ד. גל.

**אויפגאבע 1.** באשטימט, וועלכע ווערטער זײַנען דאָ פּרעפּאָזיציעס און וועלכע בינדווערטער (דערמאָנט זיך, וועלכע ווערטער הייסן פּרעפּאָזיציעס).

די רויטארמייער מארשירן **אין** גאס. זיי מארשירן **און** זינגען. נעכטן איז געקומען **צו** אונדז א גאסט. דער ברודער **צי** די שוועסטער פאָרט הײַנט אוועק. א נײַער בריק ליגט **איבערן** טײַך. איך האָב **אי** טינט, **אי** א פּען. הײַנט **אָדער** מאָרגן פאָר איך אָפּ. איך עס ברויט **מיט** פּוטער. איך עס קעז **און** פּוטער. איך רו אָפּ **נאָך** ווארמעס.

צ. ב.

1. די רויטארמייער מארשירן **אין** גאס.

| סוביעקט | פּרעדיקאט |
|---|---|
| די רויטארמייער | מארשירן |

| פּרעדיקאט | באהערשט. סובסטאנט. |
|---|---|
| מארשירן | אין גאס |

(„אין" פאררייניקט דאָ ניט קײַן גלײַכ־ארטיקע זאצגלידער. „אין" געהערט דאָ צום באהערשטן סובסטאנטיוו, איז „אין" א פּרעפּאָזיציע).

2. זיי מארשירן **און** זינגען.

| סוביעקט | פּרעדיקאט |
|---|---|
| זיי | מארשירן |

| סוביעקט | פּרעדיקאט |
|---|---|
| זיי | זינגען |

| פּרעדיקאט | + | פּרעדיקאט |
|---|---|---|
| מארשירן | און | זינגען |

(„און" פאררייניקט דאָ צוויי גלײַכארטיקע זאצגלידער (פּרעדיקאט + פּרעדיקאט), איז „און" א בינדוואָרט).

**אויפגאבע 2.** בויט זאצן מיט פאראלעל־גלײַכארטיקע זאצגלידער פון די פאָלגנדיקע ווערטער.

איך, דו, שווארצע, ווײַסע; גיך, גוט; שטאָט, דאָרף; ארבעטער, פּויערים; זינגען, שפּילן; פלאקערט, ברענט; גייט, טרײַבט; טישן, בענק; פריש, ווייך; קומען, פארגייען

**אויפגאבע 3.** פארברייטערט דעם אינהאלט פון די פאָלגנדיקע זאצן, צו־געבנדיק פאראלעל־גלײַכארטיקע זאצגלידער.

זומער וועלן מיר פאָרן אינס קרים. גיב דעם פערד היי. די נאכט איז א פינצ־טערע. דער שטורעם האָט געיאָגט. אינס פעלד איז שטיל. אונדזער קלאס איז גראם. איך פיר מיט זיך ביכער. דער צוג האָט זיך געטראָגן שנעל. מײַן כאווער

איז א קלוגער. דער הימל איז בלוי. דער זייגער האָט געשלאָגן איינס. דאָרטן פינקלט א פּייערל.

צ. ב. זומער פאָרן מיר אין קרים אָדער אין קאווקאז א. א. וו.

**אויפגאַבע 4**, פארקירצט דעם אינהאַלט אין די פאָלגנדיקע זאצן, איבער־זאָגנדיק נאָר איינעם פון די פאראלעל־גלייכארטיקע זאצגלידער.

דאָ דארף איך היטן מיין שטאָט און מיין פעלד (פעפ.). און ווידער קאָכט דער גייסט און רופט צום וואפן (כאשטש.). אין מינסק פון אומרו און פון נויט האָט לעקערטס בלוט געשריען פון זיין דענקמאָל (כאר.). מע וועט זיך רייסן פון די הייזער, פון די שטעטלעך און אין פלאַם ארייננוואַרפן דעם סקארב (כאר.). פון די זומפן, פון די גרונטן, פון די בלאָטעס וועט מען אָנפירן דאָ פעטע בערג מיט טאָרף (כאר.). שטום און עלנט ווי א שאָטן בלאָנדזשעט אום אין גאס יעשיקע (גילד.).

צ. ב. דאָ דארף איך היטן מיין שטאָט א. א. וו.

# ווי אזוי קומט פאָר די מיטשטימונג אין זאצן מיט פאראלעל-גלייכארטיקע זאצגלידער.

**אַרבעט 78.**

פארלאָזן **שטייען וואלד** און **פעלד**:
עס **לייכטן** מיר **זון** און **לעוואָנע**.

פארלאָזן **שטייט וואלד** און **פעלד**.
עס **לייכט** מיר **זון** און **לעוואָנע**.

1. וויפל סוביעקטן איז דאָ אין יעדער זאץ.
2. אין וואָסער צאָל שטייט יעדערער פון די סוביעקטן?
3. באטראכט די מיטשטימונג פונעם פּרעדיקאט אין רעכטער און לינקער זייט און פרוווט דערקלערן, צוליב וואָס קען דאָ דער פרעדיקאט מיטשטימען אף צווייערליי אויפאַנים.

**אויספיר.** ווען אין זאץ קומען אין פאראלעל־גלייכארטיקער פארבינדונג עטלעכע סוביעקטן אין איינצאָל, איז מעגלעך די מיטשטימונג פון פרעדיקאט (זעלטענער פון אדיעקטיוו) אף צווייערליי אויפאנים: אין מערצאָל (רעכטע זייט) און אין איינצאָל (לינקע זייט). אין לעצטן פאל שטימט ער נאָר מיטן נאָענטסטן סוביעקט.

**פראגע**: צי איז ריכטיק צו זאָגן, אז א זאץ, אין וועלכן ס'איז דאָ עטלעכע סובסטאנטיוון, אָדער אדיעקטיוון א. א. וו., איז א זאץ מיט פאראלעל־גלייכארטיקע זאצגלידער?

# פונקטואציע בא פאראלעל-גלייכארטיקע זאצגלידער.

(קאָמע, צווייפונקט, טירע).

### אַרבעט 79.

### קאָמע.

1. אינ פעלד וואקסנ רויטע אונ ווייסע בלומענ.
מיר גייענ שפאצירנ אינ פעלד צי אינ וואלד.
היינט אָדער מאָרגנ וועט גיינ א רעגנ.

ווענ צוויי פאראלעל-גלייכארטיקע זאצגלידער זיינענ צונויפגעצויגנ דורכ די בינדווערטער **אונ, צי, אָדער**, איז אינ זאצ ניטאָ קיינ באזונדער פונקטואציע.

באמערקונג. אויב **צי** אונ **אָדער** קענ מענ פארשטיינ ווי „דאָס הייסט", דאנ שטעלט מענ פאר **צי, אָדער** א קאָמע. פארגלייכט:

גיב מיר א פענ צי א בליישטיפט.
גיב מיר א פעדער, צי א פענ.

„פענ" אונ „בליישטיפט" זיינענ צוויי פארשיידענע זאכנ. „פעדער" אונ „פענ" איינע אונ דיזעלבע זאכ. „פענ" דערקלערט „פעדער" (זע פאראלעל-אידענטישע סובסטאנטיוונ).

2. אינ פעלד וואקסנ רויטע, ווייסע, בלויע אונ געלע בלומענ.
דער פערד, די קו אונ די ענטל פיטערנ זיכ אפנ לאָנקע.

ווענ עס פעלט „אונ" צווישנ די פאראלעל-גלייכארטיקע זאצגלידער, קומט אפנ אָרט פונ „אונ" א קאָמע.

באמערקונג. אדיעקטיוונ, וועלכע כאראקטעריזירנ א זאכ פונ פארשיידענע זייטנ אונ מע קענ צווישנ זיי ניט אריינשטעלנ קיינ „אונ", זיינענ ניט קיינ פאראלעל-גלייכארטיקע זאצגלידער. אונ קיינ קאָמע צווישנ זיי שטעלט מענ ניט (איכ לייענ מאָסקווער רוסישע צייטונגענ).

3. ער האָט זיכ ארופגעכאפט אפנ וואָגנ אונ גענאָקעט, אונ געוויאָקעט, אונ געטריבנ דעם פערד.

אויב דער אונ כאזערט זיכ איבער בא יעדער איינעם פונ די פאראלעל-גלייכארטיקע זאצגלידער, קומט פאר יעדער „אונ" א קאָמע.

4. דער מענש איז אָנגעטאָנ פּאָשעט, אָבער ריינ.
ער האָט ניט גערעדט, נאָר געזונגענ.

ווענ די פאראלעל-גלייכארטיקע זאצגלידער זיינענ צונויפגעצויגנ דורכ די בינדווערטער „**נאָר**", „**אָבער**", קומט פאר „נאָר", „אָבער" שטענדיק א קאָמע.

5. איך וועל צו דיר קומען אָדער הײַנט, אָדער מאָרגן.
עס האָט אײַ געשנייט, אײַ געדעגנט.
איך האָב ליב סײַ דיך, סײַ אים.
איך ווייס נאָך ניט צי פאָרן, צי ניט פאָרן.

ווען די בינדווערטער אָדער, אײַ, סײַ, צי, כאַזערן זיך איבער, שטעלט מען אַ קאָמע פאַר די, וואָס שטייען צווישן די פּאַראַלעל־גלײַכאַרטיקע זאַצגלידער.

## צווייפּונקט.

6. אַלע האָבן זיך דערשראָקן: די דער טאַטע, אי די מאַמע, אי די באָבע.
אַלץ איז געווען אין וואַלד: שווימען, יאַגדעס און ניס.

## טירע.

7. אי דער טאַטע, אי די מאַמע, אי די באָבע—אַלע האָבן זיך דערשראָקן.
שווימען, יאַגדעס און ניס—אַלץ איז געווען אין וואַלד.

אויב פאַר די פּאַראַלעל־גלײַכאַרטיקע זאַצגלידער איז פאַראַן אַ פּאַראַלגעמיינערונג (אַלץ, אַלע, אומעטום א. ד. ג.), שטעלט מען פאַר די גלײַכאַרטיקע זאַצגלידער אַ צווייפּונקט. אויב די פּאַראַלגעמיינערונג גייט נאָך די פּאַראַלעל־גלײַכאַרטיקע זאַצגלידער, שטעלט מען נאָך זיי אַ טירע.

**אויפגאַבע 1.** שרײַבט אַראָפּ און שטעלט צו בא די פּאַראַלעל־גלײַכאַרטיקע גלידער די געהעריקע פּאַראַלגעמיינערונג מיט דער פּונקטואַציע.

מיר האָבן ניט קיין רו ניט באַטאָג, ניט באַנאַכט. איר געפינט דאָרטן עפּל, און באַרן, און פלוימען, און ווײַנשל. ער איז שוין אויסגעווען אין ניו־יאָרק, אין לאָנדאָן, אין פּאַריזש און אין בערלין, אין היץ אין קעלט און אין רעגן טראָגט ער דעמזעלבן מאַנטל. אַפ דער פאַרזאַמלונג זײַנען געווען רויטאַרמייער, פּויערים, אַרבעטער און אָנגעשטעלטע.

צ. ב.
מיר האָבן ניט קיין רו
ניט באַטאָג, ניט באַנאַכט.

מיר האָבן קיינמאָל ניט קיין רו:
ניט באַטאָג, ניט באַנאַכט.
ניט באַטאָג, ניט באַנאַכט—
קיינמאָל האָבן מיר ניט קיין רו.

**אויפגאַבע 2.** שטעלט די פּונקטואַציע אין פאָלגנדיקע זאַצן.

אין טהאָם פון נאַכט אין לאַנד פון שניי איז איינס אַ דערפעלע פּאַרזונקען (האָפּ.). אונדזערע זאַוואָדן קאָנען שוין געניסן אי פון גרויסן אומרו אי פון גרויסער רו (פעפ.). הונדערטער זאַוואָדן הונדערטער פאַבריקן וואַרטן אַפ דײַן

קראַפּט (פּעפּער). גייט אופ פונ פּיַכטער ערד ביז הימלדיקע הויכנ א העלער אונ א זומערדיקער רויך (כאר). דער פארטאָג איז פריש אונ זומערדיק אונ זוייכ (כאר). ציִענ זיכ די זאנגענ מיט מיַלער אינ דער הויכ אונ ציטערנ אונ בויגנ זיכ אינ צווייענ (כאר). דאָרט באַם גרענעצ דאָרט באַם פעלד שטייענ יאטנ אויסגעשטעלט (פּעפּ). אונ אונטער א בוים זיצנ שוינ ביידע דער מענטש אונ די שלאַנג (פּ.). זיַנענ אינ שטעטל פארבליבנ נאָר צווייענ זי אונ דער שטורעמ דער וויַסער, וואָס בלענדט דאָ (כאר). רויכיק אָבער-ליכטיק ברענענ פּעסער פּעכענע (קושנ.). אי דער בלויער הימל אי דאָס געזאַנג פונ פויגל אי דער רויעכ פונ קנאָספּנ אי די ווייכע ווארעמקיַט פונ וועטער אלצ האָט אָנגעזאָגט, אז דער פרילינג קומט. אינ דערפער אונ אינ שטעט אפ פעלדער טראָטוארנ מיר זיַנענ אומעטום מיט לענינס פּאָנ אינ האנט (פּעפּ.). אינ העמדלעכ אינ וויַסע, מיט קווייטנ אפּ העמדלעכ מיט פריילעכנ בליק זיַנענ געקומענ די מיידלעכ די יונגע פונ טאבאק-פּאבריק (פּינינ.). איבער געסלעכ איבער שטיבלעכ איבער שליאכ שווימט אנ אלטע שטערנדיקע נאכט (פּעפּ.). מיר הערנ א שטיַגנ א גריַפנ אנ אָפּקלאנג פונ שווערע פונ שטיַפּע פונ איַזערנע טריט (קושנ.). אינ יעדער היַזעלע אינ יעדער קאמער רעדט א ניי-מאשינ א הובל צי א האמער (כאר). באַם בויערנ באַם הובלענ בא דער דראטווע בא דער נאָל זינגט מענ הויכ אונ זינגט מענ הייס אונ אלע מיסאמאָל (כאר). ווער א יאט איז דארפ זיַנ גרייט אי פאר טרויער אי פאר פרייד (פּעפּ.). פונ היַזער אָרעמע פונ שטיקנדע ווארשטאטנ פונ לאנגע וואָגלנעכט פונ הונגעריקע טעג געקומענ זיַט איר, ברידער מיַנע פילע, צו ווינזנ דעמ פריַז פונ שטילער מי דעמ ווייַ פונ איַער ליַב דעמ אויסגעשריי פונ דוירעס אונ פונ ציַטנ (שוואַרצ.). אינ וועלדלעכ טונקעלע אינ האלבע שוצגראָבנס בא טונקעלער זיַט פונ ברענענדיקע דערפער זיכ שלענגלענ שורעס מוירדימ מיט ביקס אינ האנט מיט ווארעמ בלוט אינ הארצנ (שווארצ.) מיט ביקס אינ האנט מיט ווארעמ בלוט אינ הארצנ פארטיַע איכ זיכ איצט אונ לאָקער נאָכ דעמ סוינע (שווארצ.). דער פארטאָג איז פריש אונ זומערדיק אונ ווייכ (כאר). ס'איז די סטעפּ אי פריש אי נאקעט (מארק.). אונדזער מיזרעכ איז צעפלאקערט גלי-צעאקערט פלאמ-צעפלאקערט (קוו.). עס הויבנ זיכ האמערס סיַ דאָ אונ סיַ דאָרט (קולב.).

## סאכאקלענ.

### אָרבעט 80.

**אויפגאבע** 1. באשטימט וואָסערע דערשיַנונגענ זיַנענ אינ די פאָלגנדיקע זאצנ ארויסגערופנ דורכ דער ווערטער-אָרדענונג אינ זאצ.

עס וועלנ כאדאָשימ זיכ צוועלפנ, זיכ קייטלענ אינ יאָרנ (האָפּ.). די זינ די רויטע היטנ אונדז, די עלדישע ארמיי (קוו.). זאָל טאָגנ אָ-דאָרט, ווו ס'האָט

נאָכ ניט געטאָגט—מיט ווערטער מיט פראָסטע האָט לעניג געזאָגט (פעפ.). איכ זומער אינ העלנ איז מערער נאָכ פונקענ אינ וואסערנ אלטע פונ דניעפרישנ סטעפ (פעפער). איבער ברעגנ איבער ברייטע וועלנ הענגענ יונגע יאָרנ, שווערע שיפנ וועלנ פירנ פולע זעק מיט ווייצ אונ קאָרנ (פעפער). לייבקע, מיינ לייבקעלע, — זונ מיינער, ליבער — ריישיס זײַ וויסנ, אז איכ אונ די מאמע זיינענ געזונט אונ מע ארבעט צוזאמענ (פינטש.). עס קלינגענ די גלעקלעכ וואָס אמאָל טרײַער! עס שפריצנ די פאָדקעווס פונקענ אונ פייער (פ.). איכ האָב געקענט דעמ טאטנ זיינעמ, ער איז געווענ א פאפיראָסניק... (ש. ־אל.). די טאָכ־טער מיינע, האָדל מיינ איכ, שײַנט ווי א שטיק גאָלד (ש. אל.). וויקלט פאנאנ־דער די פאָנע די רויטע (ווינטש.).

**אופגאבע 2.** דערקלערט ווי אזוי האָט איר באשטימט די אינטאָנאציע אינ די פאָלגנדיקע פראזעס. שטרײַכט אונטער יענע ווערטער, צוליב וועלכע איר האָט דערקענט די אינטאָנאציע אונ דערמאָנט זיכ, ווי זיי הייסנ. שטעלט די פונקטואציע.

ווו ביזטו געווענ, מײַנ טײַערער שפילפויגל (ש. ־אל.).
אָ פעלזנ אָ גרויזאמע פעלזנ
האָט איר דענ אליינ ניט געאָטעמט מיט פרײַהײַט (קוו.).
הע, לאָמיר גיינ, לאָמיר גיינ
לאָמיר דאָ איבערלאָזנ די שוואכע (קולב.).
ווו איז ער דער גאָרנישט, וואָס וויס ניט דײַנ נאָמענ (האָפ.).
האָב איכ דענ, אלטער צו שאפנ אפ יונגענ, אפ באָנים (פיניג.).

**אופגאבע 3.** דערקלערט די פונקטואציע אינ פאָלגנדיקע זאצנ:

נײַע קליידער וועלנ מיר זיכ קויפנ פארנ געלט אינ זומערדיקנ לאנד; דו — א ברייטע הוט, א העלנ מאנטל, איכ א ווײַסע קלייד מיט זײַדנ־באנד (לייוו.). מיר גייענ אינ דײַנע פאָרנטיקע רייענ, שפאנענדיקע מענטשהײַט, מיט שטאָלצע, דרייסטע, זודיקע אונ קאלטע—טראָט נאָכ טראָט (האָפ.). עס וועלנ כאדאָשימ זיכ צוועלפנ, זיכ קייטלענ אינ יאָרנ—אונ אלע זיי וועלנ זיכ קערווענ פארווונדערט אפ דיר, אפ אקטאבער פונ צוואנציקסטנ פײַערגעשמידטנ יאָרהונדערט! (האָפ.). שפילט אונ גיסט זיכ א הארמאָשקע, גיסט זיכ, פליטערט, פליסט זיכ ציטערט, כליפעט, ציפעט אונ צעשטראָמט מיט גאָלד־געקלאנג (קוו.). שטילער פונ אלעמענ איז פיניעלע, א קליינ ייִנגעלע מיט קרומע אײַנגעבויגענע פיסלעכ אונ מיט אנ אונטערגעשטעקט העמדעלע (ש. ־אל.). קומענדיק אהיימ, עס איכ אָפ אונ לייג זיכ אָפרוענ. אויסגעווישט די ברילנ אונ אָנגעטאָנ זיי, האָט ער זיכ געזעצט לייענענ די צײַטונג. אויסהערנדיק דעמ באריכט פונ דער שעפ־קאָמיסיע, האָט די פארזאמלונג פארגעלייגט פארשטארקנ די ארבעט אפ דעמ געביט.

**אופגאבע 4.** שטעלט ריכטיק די פונקטואציע אינ פאָלגנדיקע זאצנ:

איבערגעלייענט די צעטעלעכ איז דער רעדנער צוגעטראָטנ צו ענטפערנ אפ די פראגעס. די אויגנ פול צאָרנ פארגאָסנ מיט בלוט; די הערצער זיי שלאָגנ מיט קראפט אונ מיט מוט (רייז.). מיר וועלנ די הויכע די פינצטערע וואנט צעברעכנ (רייז.). הויב אופ דײַנע אויגנ אונ זע די געמויערטע גרויסע פאבריקנ, וווּ ארבעטער זעגנ אונ הובלענ אונ וועבנ אונ נייענ אונ שטריקנ אונ שמידנ אונ פײַלנ אונ טאָקנ אונ שניצנ אונ גלעטנ אונ פוצנ אונ שאפנ די ווארע אונ שאפנ דעמ רײַכטומ צומ מענטשלעכנ נוצנ (באָווש.). דאָס איז די פרײַהײַט דאָס ליכט די גערעכטיקײַט (ווינטש.). די וועכטער פונ אָפגרונט דער ווינט אונ דער שטורעמ זיי האָבנ פארשטאנענ די גרויסע סאקאָנע (קוו.). מיר האָבנ ווי ברידער באגעגנט די פעלזנ די אָרכימ די קאלטע די שטילע די שטומע, אונ זיי די ראמאָימ זיי האָבנ אָנ ראכמימ פארזעצט אונדז אינ טפיסע פארצוימט אונדז די וועגנ, זיי האָבנ בארויבט אונדזער ליכט אונדזער פרײַהײַט די פרײַהײַט די הייליקע פרײַהײַט! (קוו.). פארטאָג איז דער סוינע געלאָפנ אונ זאלפנ צעשאָטנ אפ בלעכ אונ אפ שטיינ אונ אפ ווענט (רעז.). די שיפ איז געגאנגענ וויגנדיק זיכ פונ רעכטס אפ לינקס. אָפצייכענענדיק דידאָזיקע גרונט־פעלערנ לייגט פאָר דער סעקרעטאריאט פונ צ. ק. אלע פארטיי־אָרגאניזאציעס פארשטארקנ די אָנפירונג מיט דער סאָציאליסטישער איבערבויונג פונעמ אײַזנבאנ אונ מאָביליזירנ די ארבעטער סײַ פונ אײַזנבאנ סײַ פונ אנדערע אונטערנעמונגענ אפ אויסצופילנ צודערצײַט די פארטיי־אופגאבעס אפנ אײַזנבאנ (צ.). הימל ערד אונ יאמ אלצ איז פארגאָסנ מיט גאָלד פונעמ זוניקנ טאָג. אומעטומ זײַנענ געלעגנ רעגנשנ אונטער די בענק אפ די בענק אונ צווישנ די בענק.

**אופגאבע 5.** סכעמאטיזירט פאָלגנדיקע זאצנ אונ באשטימט די פארבינדונגענ צווישנ די זאצגלידער.

אייביק, אייביק וועט דאָס הארצ פונ לענינענ שטורמענ בא רעוואָליוציע אינ ברוסט! (מאיאק.). אייביק וועט אפ יעדער קאמפ־פאָזיציע שמעטערנ צעגלעקערט לענינס וואָרט (מאיאק.). אונ דער טויבער איז דעמלט בא זיכ אינ בעט געלעגנ אונ שטיל אונ אָנ אנ אופהער געקלאפט מיט די פיס אינ דעם ווענטל פונעם בעט (בערג.). אינ דער צײַטונג „פראוודא“ האָב איכ געלייענט אסאכ נײַס. מיר וועלנ צוזאמענ מיט זיי, מיט די אָרכימ אי בענטשנ. אי לויבנ די ליכט אונ די פרײַהײַט! (קוו.). די היצ, די פײַפערײַענ, די לויפנדיקע אוטאָמאָבילנ — דאָס אלצ האָט אימ גאָר צעטומלט.

# זעלבשטענדיקע און באהילפיקע ווערטער.

. . . . . **81.**

די ווערטער פונ דער שפּראַך קענ מענ טיילנ אפ זעלבשטענדיקע און באהילפיקע.

## זעלבשטענדיקע.

זעלבשטענדיקע זײַנענ די ווערטער, וואָס מיר קענענ באַנוצנ אָנ קיינ פארבינדונג מיט אנדערע ווערטער. אזוינע זײַנענ:

1. ווערבנ.
2. סובסטאנטיוונ.
3. אדיעקטיוונ.
4. אדווערבנ.

## באהילפיקע.

באהילפיקע זײַנענ די ווערטער, וואָס מיר קאָנענ באנוצנ נאָר אינ פארבינדונג מיט אנדערע ווערטער. אזוינע זײַנענ:

1. פּרעפּאָזיציעס. } צונויפּצײַענדיקע ווערטער
2. בינדווערטער. }
3. ארטיקלענ.
4. אינטאָנירנדיקע ווערטער.
5. אקצענטירנדיקע ווערטער.
6. אנדערע ניטזעלבשטענדיקע ווערטער.

# ווי פארבינדנ זיכ די ווערטער אײנע מיט די אנדערע אינ זאצ.

(ס כ ע מ ע).

| | | |
|---|---|---|
| ו ע ר ב. | 1. קומט אין מיטשטימונג מיט א נאָמינאטיוו.<br>2. קענ באהערשנ א דאטיוו אָדער אנ אקוזאטיוו<br>3. קומט אינ אָנשליסונג מיט אנ אדווערב.<br>4. קומט אינ פאראלעל־גלײַכ־ארטיקער פארבינדונג. | 1. איך—גײ, דער טיש—שטײט.<br>2. גײ צו אים. דו ליבסט מיכ.<br>3. ער לײענט זיצנדיק, ער לײענט הויכ.<br>4. די וואָלקנס לויפנ, יאָגנ. |
| ס ו ב ס ט א נ ט י ו | . קומט אינ מיטשטימונג מיטנ ווערב.<br>2. קענ באהערשט ווערנ פונ א ווערב.<br>3. קענ באהערשנ א דאטיוו פונ א צווײטנ סובסטאנטיוו.<br>4. קומט אינ פאראלעל־אידענטישער פארבינדונג מיט א צווײטנ סובסטאנטיוו.<br>5. קענ קומענ אינ פּאָסעסיווער פארבינדונג מיט א צווײטנ סובסטאנטיוו.<br>6. קענ קומענ אינ מיטשטימונג מיט אנ אדיעקטיוו.<br>7. קומט אינ פאראלעל־גלײַכ־ארטיקער פארבינדונג. | 1. דער טיש — שטײט.<br>2. איכ גײ אינ שול. איכ לײענ א בוכ.<br>3. איכ עס ברויט מיט פוטער. גיב מיר א גלאָז וואסער.<br>4. יאנקל דער שוסטער ארבעט.<br>5. יאנקלס היטל.<br>6. א פײַנער מאנ.<br>7. אינ צימער שטײענ טישנ, שטולנ. |

| | | |
|---|---|---|
| אדיעקטיוו | 1. קומט אין מיטשטימונג מיט א סובסטאנטיוו.<br>2. קומט אין מיטשטימונג מיט א ווערב (סובסטאנטיווירט).<br>3. קומט אין פאראלעל־גלײַכ־ארטיקער פארבינדונג. | 1. א פײַנער מאן.<br>2. דער קלוגער האָט געזאָגט.<br>3. הויכע, הארטע, פעסטע ווענט. |
| אדווערב | 1. קומט אין אָנשליסונג מיט א ווערב.<br>2. קען באהערשן א דאטיוו אָדער אן אקוזאטיוו.<br>3. קומט אין פאראלעל־גלײַכ־ארטיקער פארבינדונג. | 1. איך ארבעט דאָ. איך לייען ליגנדיק. איך לייען הויך.<br>2. ליגנדיק אפן באנק. עסנדיק דעם עפל.<br>3. אלץ ארום שלאָפט שטיל, רויִק. |
| פרעפאָזיציע | 1. באהערשט א דאטיוו.<br>2. קומט אין אָנשליסונג מיטן ווערב.<br>3. קומט אין פאראלעל־גלײַכ־ארטיקער פארבינדונג. | 1. צו מיר, צו מוישען.<br>2. גיין אין שול.<br>3. עס שטייען טעפ אפן און אונטערן טיש. |
| 1. בינדווערטער .<br>2. אקצענטירנדיקע ווערטער .<br>3. אינטאָנירנדיקע ווערטער . .<br>4. אנדערע ניט־זעלבשטענדיקע ווערטער . . | העלפן נאָר צו שאפן די בינדיקייט און פינקטלעכקײַט פון דער שפראך.<br>דאָסראָוו אָנשליסונג. | 1. מוישע און בערל לערנען זיך.<br>2. איך וויל דאפקע גיין, דאפקע איך וויל גיין.<br>3. צי דו ווייסט ניט?<br>4. . . . . . . . |

# סכעמע פון פּאַשעטן פארברייטערטן זאַץ.

לענינס גרויסע מעכטיקע געבאָטן—זיי האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין מויעך פון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט.

זיי

סובסטאַנטיוו, נאָמינאַטיוו (סוביעקט)

פּאַראַלעל־אידענטישע פאַרבינדונג

(די) געבאָטן

סובסטאַנטיוו, נאָמינאַטיוו (סוביעקט)

מיטשטימונג

מיטשטימונג

האָבן זיך איינגעקריצט

ווערב III פּערזאָן (פּרעדיקאַט)

אנשליסונג

באַהערשונג

אדווערב־אדיעקטיוו,

טיף

סובסטאַנטיוו, דאַטיוו מיט א פּרעפּאָזיציע

אין מויעך

באַהערשונג

סובסטאַנטיוו, דאַטיוו מיט א פּרעפּאָזיציע

פון פּראָלעטאַריאַט

מיטשטימונג

אדיעקטיוו, דאַטיוו

אַלוועלטלעכן

מיטשטימונג

מיטשטימונג

פּאָסעסיווע פארב.

סובסטאַנטיוו, פּאָסעסיוו

לענינס

אדיעקטיוו, נאָמינאַטיוו

גרויסע

פּאַראַלעל־גלייכארטיק —און— בינדוואָרט

אדיעקטיוו, נאָמינאַטיוו

מעכטיקע

# אָריענטיר-פּלאַן פֿון גראַמאַטיש-סטיליסטישן אַנאַליז.

## I. פּראָזע.

1. די כאַראַקטעריסטיק פֿון דער פּראָזע לויט דער אינטאָנאַציע (דערציל־פּראָזע, פּרעג־פּראָזע א. א. וו.), באַשטימען דעם אינטאָנירנדיקן וואָרט (אויב ער איז דאָ).

2. באַשטימען דעם לאָגישן אַקצענט אין דער פּראָזע. באַשטימען דעם אַקצענטירנדיקן וואָרט (אויב ער איז דאָ).

3. כאַראַקטעריסטיק פֿון דער פּראָזע אַלס זאַץ (אָפֿענער זאַץ, געשלאָסענער זאַץ).

4. כאַראַקטעריסטיק פֿון זאַץ לויטן סוביעקט (סוביעקטיקער, סוביעקטלאָזיקער א. א. וו.).

5. דערקלערן אייניקע דערשײַנונגען, וואָס זײַנען אַרויסגערופֿן דורך דער אָרדענונג פֿון די ווערטער אין זאַץ („עס", איבערכאַזערונג פֿון פּרעפּאָזיציעס און אַרטיקלען, בויגפֿאַל־פֿאָרמעס פֿון אייניקע אַדיעקטיוון. צ. ב. אונדזער כאַוועד—דער כאַוועד אונדזערער א. אַז.).

6. איבערגעבן דעם אינהאַלט פֿון זאַץ אין אַן אַנדער ווערטער־אָרדענונג.

7. דערקלערן די פּונקטואַציע.

8. סכעמאַטיזירן דעם זאַץ לויט אַ ליניעס־סכעמע אָדער לויט דער „פּאָרן־סכעמע" (בעסער לויט דער לעצטער). אָנהייבן פֿון סוביעקט און פּרעדיקאַט. אין אַ סוביעקטלאָזיקן זאַץ אָנהייבן פֿון פּרעדיקאַט.

9. כאַראַקטעריזירן די פֿאָרמעס פֿון פֿאַרבינדונג (באַהערשונג מיט אַ פּרעפּאָזיציע און אָן אַ פּרעפּאָזיציע; מיטשטימונג; אָנשליסונג, פּאַראַלעל־אידענטישע פֿאַרבינדונג; פּאַראַלעל־גלײַכאַרטיקע פֿאַרבינדונג; פּאָסעסיווע פֿאַרבינדונג).

10. כאַראַקטעריסטיק פֿון פּרעדיקאַט (פּאָשעטער, צונויפֿגעזעצטער, צו וואָס פֿאַר אַ רייד־טייל געהערט דער פּרעדיקאַט־גליד).

11. פֿאַרבײַטן איין שפּראַך־קאָנסטרוקציע אויף אַן אַנדערער, וואָס זאָל איבערגעבן לערעך דעמזעלבן אינהאַלט (זע בײַגעלייגטע אָריענטיר־טאַבעלע ז. 152).

## II. ר ײ ד־ט ײ ל ן.

1. באשטימען די רײד־טײלן און דעטאליזירן די פאָרמע פון יעדערן אין דעם געגעבענעם פאַל.

2. װערב. א) װאָס באשרײַבט דער געגעבענער װערב (טוונג, צושטאנד א. ד. ג.) ב) פאָשעטער, פעריפראסטישער װערב; ג) װערבאַלע טײלן; ד) דערשײַנונגען פון אסימילאציע אין די פערזאָן־פאָרמעס; ה) „גע־" אין פארטיציפּ; ו) װאָקאלן־בײַט אין פּארטיציפּ; ז) סופיקסן ־ן (־ען) און ־ט; ח) מאָדוס, צײַט, פערזאָן; ט) דער באַטײַט פון די פאָרמעס פון צײַט, פערזאָן און מאָדוס אין געגעבענעם פאַל א. אנ.

3. סובסטאנטיװ. א) װאָס באצײכנט ער לויטן אינהאַלט (נאָמען פון א זאך. נאָמען פון א טוונג א. ד. ג.); ב) בויגפאל, װיפל פאָרמעס האָט ער; ג) װי האָט זיך אויסגעבילדעט די פאָרמע פון מערצאָל (דורך סופיקסן, װאָקאלן־בײַט, ביידע אינײנעם); ד) די באטײַטן פון אײנצאָל און מערצאָל אין געגעבענעם פאַל; ה) בײַ־אינהאלטן (פארקלענערונג, צערטלעכקײַט א. א. װ.).

4. אדיעקטיװ. א) װאָס באשרײַבט דער געגעבענער אדיעקטיװ (סימען, אײגנשאפט, כאראקטער־שטריכן א. א. װ.); א) מין, בויגפאל, צאָל; ג) דער באטײַט פון דעם אדיעקטיװ אין געגעבענעם זאַץ (סובסטאנטיװירונג א. אנד.); ד) בײַ־אינהאלטן (פארצװיגנקײַט, אָפּגעשװאכקײַט, פארגלײַך, איבערשטײַגיקײַט א. אנ.).

5. אדװערב א) װאָס באשרײַבט דער געגעבענער אדװערב (אופן, צײַט, אָרט א. אנ.); ב) קלאסיפיקאציע פונעם אדװערב (אדװערב־גערונדיום, אדװערב־פארטיציפּ, אדװערב־פּרעפּאָזיציע, אדװערב־אדיעקטיװ, אדװערב־סובסטאנטיװ); ג) בײַ־אינהאלטן פון אײניקע אדװערבן (פארגלײַך־אדװערבן).

6. פּרעפּאָזיציע. א) צונויפגיסונג מיטן ארטיקל; ב) דער באטײַט פון דער פּרעפּאָזיציע אין דעם געגעבענעם פאַל; ג) צו װאָס געהערט די פּרעפּאָזיציע אין זאַץ;

7. בינדװאָרט. באשטימען.

## III. װ אָ ר ט.

1. באטראכטן דעם אויסלײג פון א באשטימטן װאָרט, אין זאַץ אין צוזאמענהאנג מיט זײַן אויסשפּראך און באשטימען אפּ װאָס פאר אן אופן איז ער אויסגעלײגט (מארפאָלאָגיש, פאָנעטיש).

2. טײלן א װאָרט אפּ זײַנע באשטאנד־טײלן (טײלן פון צונויפזאַץ, טײלן פון אברעװיאציעס, פּרעפיקס, װאָרצל, סופיקס).

3. טײלן א װאָרט אפּ טראפּן.

4. טײלן א װאָרט אפּ קלאנגען.

5. אײַנטײלן די קלאנגען אין װאָקאלן און קאָנסאָנאנטן.

6. באשטימען די הילכיקײַט און דומפיקײַט פון די קאָנסאָנאנטן.

7. באשטימען די קלאנגען לויט די רײד־אָרגאנען.

---

# אָרִיענטִיר־טאבעלע פונ

| קאָנסטרוקציעס | ביישפּילן |
|---|---|
| 1. געשלאָסענער זאצ. | דער סוינע שטייט בא די טויערנ. |
| 2. סוביעקטלאָזער זאצ. | עס רעגנט. |
| 3. איצטיקע ציַיט. | נעכטנ גיי איכ אינ גאס. |
| 4. איצטיקע ציַיט. | מאָרגנ קומ איכ צו דיר. |
| 5. באפעל־מאָדוס. | וויַיז אימ, וועס ער וויסנ. |
| 6. פּארטיציפּ. | העי, געגאנגענ! ניט גערעדט! |
| 7. איינצאָל. | דער ארבעטער שטייט בא דער מאכט. |
| 8. אדיעקטיוו. | א רויטער עפּל. |
| 9. אדיעקטיוו. | איכ האָב געלייענט אנ אויסלענדישע ציַיטונג. |
| 10. באהערשונג אָנ א פּרעפּאָזיציע. | איכ זאָג אימ גיב מיר א גלאָז וואסער. |
| 11. פּאָסעסיוו. | פּערעצעס ווערק. |
| 12. פּאָסעסיוו. | דעמ פויערס ארבעט. |
| 13. צונויפזאצ. | בירגער־רעכט. |
| 14. צונויפזאצ. | שניי־וויַיס. |
| 15. אברעוויִאציע. | פעדראט. |
| 16. אברעוויִאציע. | געזערד. |
| 17. אברעוויִאציע. | פאבקאָמ. |
| 18. אדווערב־פּארטיציפּ. | דערהערט, אז מע שפּילט, איז ער פריילעכ געוואָרנ. |
| 19. אדווערב־גערונדיִומ. | צוגייענדיק צומ שטוב, האָב איכ דער־הערט א פיַיפ. |
| 20. אדווערב־גערונדיִומ. | דער שמיד ארבעט שטייענדיק. |
| 21. פּאראלעל־אידענטישער זאצגליד. | מוישע דער שניַידער נייט; איכ לייענ די ציַיטונג „אָקטיאבער“. |
| 22. פּאראלעל־גליַיכארטיקע זאצגלידער. | דו ארבעטסט גיכ אונ גוט. |
| 23. פּאראלעל־גליַיכארטיקע זאצגלידער. | איכ אונ דו; דו אונ איכ. |
| 24. סופיקס. | קינד־הייט. |
| 25. פּרעפיקס. | אומריינ. |
| 26. פּרעפיקס. | צעוואָרפנ. |

1) די טאבעלע דארפ מענ נוצנ פונ רעכטס אפ לינקס אונ פונ לינקס אפ רעכטס, אָפּהענגיק פונ
2) אָריענטירט אפ דעמ קורס, וואָס מיר האָבנ אינ דעמ טייל.

# שפראכ-קאָנסטרוקציעס[1].

| קאָנסטרוקציעס | בײַשפילנ |
|---|---|
| 1. אָפענער זאצ. | דער סוינע בא די טויערנ. |
| 2. סוביעקטיקער זאצ. | עס גייט א רעגנ. |
| 3. פארגאנגענע צײַט. | נעכטנ בינ איכ געגאנגענ אינ גאס. |
| 4. קומענדיקע צײַט. | מאָרגנ וועל איכ קומענ צו דיר. |
| 5. טנײַ־מאָדוס. | וואָלסט אימ געוויזנ, וואָלט ער געוווסט. |
| 6. באפעל־מאָדוס. | העי, גייט! רעדט ניט. |
| 7. מערצאָל. | די ארבעטער שטייענ בא דער מאכט. |
| 8. צונויפגעזעצטער פרעדיקאט. | דער עפל איז א רויטער, דער עפל איז רויט. |
| 9. באהערשונג מיט א פרעפאָזיציע. | איכ האָב געלייענט א צײַטונג פונ אויסלאנד. |
| 10. באהערשונג מיט א פרעפאָזיציע. | איכ זאָג צו אימ, גיב מיר א גלאָז מיט וואסער. |
| 11. באהערשונג מיט א פרעפאָזיציע. | די ווערק פונ פערעצנ. |
| 12. אדיעקטיוו. | פויערישע ארבעט. |
| 13. באהערשונג מיט א פרעפאָזיציע. | רעכט פונ בירגער. |
| 14. פארגלײַכ. | ווײַס ווי שניי. |
| 15. אדיעקטיוו. | פעדאגאָגישער ראט. |
| 16. באהערשונג מיט א פרעפאָזיציע. | געזעלשאפט פאר ערד־אײַנאָרדענונג. |
| 17. צונויפזאצ. | פאבריק-קאָמיטעט. |
| 18. אדווערב־גערונדיום. | דערהערנדיק, אז מע שפילט, איז ער פריילעכ געוואָרנ. |
| 19. גאנצע פראזע. | ווענ איכ בינ צוגעגאנגענ צומ שטוב, האָב איכ דערהערט א פײַפ. |
| 20. פאראלעל־גלײַכארטיקער זאצגליד. | דער שמיד שטייט אונ ארבעט. |
| 21. איינ זאצגליד. | דער שנײַדער נייט; איכ לייענ דעם „אָקטיאבער". |
| 22. איינ זאצגליד. | דו ארבעטסט גיכ. |
| 23. באהערשונג מיט א פרעפאָזיציע. | איכ מיט דיר, דו מיט מיר. |
| 24. ווערטער. | (די צײַט ווענ מע איז א) קינד. |
| 25. וואָרט. | ניט ריינ. |
| 26. פרעפיקס. | פאנאנדערגעוואָרפנ[2]. |

געגעבענעם טעקסט.

# טערמינאָלאָגיע [1]

| | |
|---|---|
| אבריוויאציע | Аббревиации (сокращенные слова). |
| אדווערב | Наречие |
| אדיעקטיוו | Прилагательное |
| אסימילאציע | Ассимиляция (уподобление звуков) |
| אקוזאטיוו | Винительный падеж |
| אקצענטירנדיקע ווערטער | Усилительные слова |
| אָנשליסונג | Примыкание |
| אינטאָנירנדיקע ווערטער | Усилительные слова |
| אינפיניטיוו | Инфинитив (неопределенное наклонение). |
| אויסרוף־צייכן | Восклицательный знак |
| באהילפיקע ווערטער | Вспомогательные слова |
| באהערשונג | Управление |
| בינדוואָרט | Союз |
| גערונדיום | Деепричастие |
| דאטיוו | Косвен. падеж |
| דומפע קאָנסאָנאנטן | Глухие согласные |
| הילפווערב | Вспомогательный глагол |
| הילכיקע קאָנסאָנאנטן | Звонкие согласные |
| וואָקאלן | Гласные |
| וואָרצל (שטאם) | Корень (основа) |
| וואָרט־אקצענט | Ударение |
| ווערב | Глагол |
| זעלבשטענדיקע ווערטער | Самостоятельные слова |
| זאץ | Предложение |
| זאץ אָפענער | Неполное предложение |
| זאץ געשלאָסענער | Полное предложение |
| טירע | Тире |
| טראָפּ | Слог |
| לאָגישער אקצענט | Логическое ударение |
| מאָדוס | Наклонение |
| מיטשטימונג | Согласование |
| נאָמינאטיוו | Именительный падеж |
| סוביעקט | Подлежащее |
| סוביעקטלאָזיקער זאץ | Безличное предложение |
| סובסטאנטיוו | Имя существительное |
| סופיקס | Суфикс |
| פאראלעל־אידענטישער סובסטאנטיוו | Приложение |
| פאראלעל־גלייכארטיקע זאצגלידער | Однородные члены предложения |
| פארטיציפ | Причастие прош. врем. |
| פאסיווער ווערב | Страдательная форма глагола |
| פאָסעסיוו | Притяжательная форма существ. |
| פונקט | Точка |
| פרעדיקאט | Сказуемое |
| פרעדיקאט־גליד | Сказуемостный член |
| פרעפאָזיציע | Предлог |
| פרעפיקס | Приставка |
| פיסלעך | Кавычки |
| פראזע | Фраза |
| פרעג־צייכן | Вопросительный знак |
| צונויפגעזעצטער פרעדיקאט | Составное сказуемое |
| צונויפגוס פון קלאנגען | Слияние звуков |
| צונויפזאץ | Сложное слово |
| צווייפונקט | Двоеточие |
| צונויפציענדיקע ווערטער | Служебн. слова |
| קאָמע | Запятая |
| קאָנסאָנאנטן | Согласные |
| ריידטייל | Часть речи |

[1]) די רעגיסטראציע איז ניט פול. כ. ק.

# פאַרקירצונגענ.

אבארב. — א בארבאנעל.
אקוז. — אקוזאטיוו.
באר. — באראנ.
באָוש. — באָושאָווער.
בראָד. — בראָדערזאָנ.
בערג. — בערגעלסאָנ.
גילד. — גילדינ.
דאט. — דאטיוו.
האל. — האלקינ.
האלפ. — האלפערינ מ. ל.
האָפ. — האָפשטײַנ.
ווײַבל. — ווײַבלעכער מינ.
ווײַס. — ווײַסנבערג.
ווײַנ. —
ווײַנער. — } ווײַנערמאנ.
ווינטש. — ווינטשעווסקי.
זעל. — זעלדינ.
כאר. — כאריק.
כאטש. — כאטשעוואצקי.
לייוו. — לייוויק.
לעס. — לעסינ. (וואלט).
מארק. — מארקיש.
מ. — מינ.
מיטל. — מיטעלער מינ.
מ. לייב. — מאני־לייב.
מיטשט. — מיטשטימונג.
מענ. —
מ. — } מענדעלע.

מענל. — מענלעכער מינ.
מאיאק. — מאיאקאָווסקי.
נאָמ. — נאָמבערג.
נאָמ. — נאָמינאטיוו.
פינטש. — פינטשעווסקי.
פ. — פערעצ.
פערז. — פערזאָנ.
פרעפאָז. — פרעפאָזיציע.
פינינ. — פינינבערג.
פ. ליד. — פאָלקס־ליד.
פעפ. — פעפער.
קאה. — קאהאנ או.
קאָוו. — קאָווונער.
קוש. — קושניראָוו.
קול. — קולבאק.
קוו. —
קוויט. — } קוויטקאָ
ראָז. — ראָזנפעלד מ.
ראב. — ראבינ י.
רייז. — רייזינ א.
רעז. — רעזניק י.
ש. א. —
ש. — אל. } שאָלעמאליכעמ.
שווארצ. — שווארצמאנ.
שפר. — שפריכוואָרט.
שאפ. — שאפירא.
שטור. — שטורמאנ.

# אינהאלט

זײַט

פאָרוואָרט . . . . . . . . . . . . . . . 3

## אַלגעמײנער אָפּטײל

### I. וואָס מאַכט פּינקטלעכער, בינדיקער און פאַרשטענדלעכער די שפּראַך.

זײַט
פּראָזע . . . . . . . 9
אינטאָנאַציע פון די פּראָזעס. פונקציאָניע . 11
אינטאָנירנדיקע ווערטער . . . . 14
לאָגישער אַקצענט . . . . . 15
אַקצענטירנדיקע ווערטער . . . . 17
אָרדענונג פון ווערטער . . . . 18
ענדונגען . . . . . . . 19
צונויפציענדיקע ווערטער . . . . 21
וואָס איז אַזוינס אַ וואָרט . . . . 23

### II. וועגן די קלאַנגען פון וואָרט.

דער יידישער אַלפאַבייז (טאַבעלע) . . 24
ווי אַזוי אַרבעט דער רייד־אַפּאַראַט . . 25
וואָקאַלן און קאָנסאָנאַנטן . . . . —
די טאַבעלע פון קאָנסאָנאַנטן לויט די רייד־
אָרגאַנען . . . . . . 26
הילכיקע און דומפּע קאָנסאָנאַנטן . . . 27
אַסימילאַציע (פון דומפּע צו הילכיקע און פון
הילכיקע צו דומפּע) . . . . 28
צונויפגוס פון אַלציינע קאָנסאָנאַנטן און אַסי־
מילאַציע פון ענלעכע קאָנסאָנאַנטן . 31
טראָפּ . . . . . . . . 32
וועגן „ל“ און „נ“, וואָס קענען בילדן אַ טראָפּ —
וואָרט־אַקצענט . . . . . . 34

### III. וועגן דעם אינהאַלט פון וואָרט.

אַפיקסן—סופיקס, פּרעפיקס. וואָרצל. פּאָרמיקע
און ניט־פּאָרמיקע ווערטער . . . 35
וויפל סופיקסן און וויפל פּרעפיקסן קען האָבן
אַ וואָרט . . . . . . . 38
דער בייט פון וואָקאַלן און קאָנסאָנאַנטן . 39
צונויפזאַצן . . . . . . . —
אַבריוויאַציעס . . . . . . . 40
איין וואָרט, צי צוויי באַזונדערע ווערטער . 41
1) אַ צונויפזאַץ, צי צוויי באַזונדערע
ווערטער . . . . . . . —
2) אַ פּרעפיקס, צי אַ באַזונדער וואָרט . 42
3) אַ סופיקס, צי אַ באַזונדער וואָרט . —
צוויי אויפאַנים פון אויסלייג . . . . 44

## רייד־טיילן. זאַץ.

### IV. ווערב.

פערזאָנען . . . . . . . 49
פּיטשטימונג אין פּערזאָן. ווערב. . . 50
די סכעמע פון די פערזאָן־פאָרמעס . . 51
צײַטן . . . . . . . . . 53
די ווערבן, וואָס בילדן די פאַרגאַנגענע צײַט
מיט „בין“ (אָריענטיר־טאַבעלע) . . 57

